רבקה קוויאטקאווסקי - פנחסיק

# אין זיכערע הענט

פארלאג „חיפה״
ביי דער חיפהער אפטיילונג
פון יידישן שרייבער־און זשורנאליסטן פאראיין אין ישראל
תשכ״ו — 1965

א מצבה

אויפֿן אַש פֿון מיין שוועסטער

בעלא קוויאַטקאָווסקי

געבוירן אין לאָדזש 1912

פֿארגאַזט אין קוטנאָ

# א תפילה פון א געטא ייד

גרויסער גאט,
וואס האסט געקאנט
פון די לערקייט
באשאפן די וועלט!
פון אלע באשעפענישן
מיך דערהויבן
צו דער הויכקייט —
פון א גלויבן...
געבענטשט מיט דעם נאמען
מענטש!
הער־אויס מיין געבעט...

איך בין א געטא־ייד —
פארטריבן, איינזאם און מיד,
מיין הארץ איז צעריסן און לער,
איך האב קיין תפילות מער,
הער־אויס מיין איינציק געבעט...
און נעם פון מיר צו
פון מענטש דעם נאמען!

נעם פון מיר צו
די פארפייניקטע נשמה,
עס זאל זי נישט פרעסן,
נישט נאגן דער אומעט!

נעם פון מיר צו
דאס באנעמען פון מיין אויער,
איך זאל נישט הערן דאס געוויין
פון יעדער געטא־מויער!

נעם פון מיר צו מיין בליק,
איך זאל נישט זען
די דראָטן, די בריק!
ווי מיינע ברידער ווערן געטריבן, געיאָגט,
ווי מיר פאלן, ווי מיר זינקען פון טאָג צו טאָג,
און פארוואנדל מיך, גאָט:
אין אַן אָקס, אין א פערד, אין א הונט!

איך וויל זיין אַן אָקס, אָדער א פערד!
אין שפאַן אקערן די ערד!
און האבן א ווערט...
א ווערט!

איך וויל זיין אַ פערד אָדער אַן אָקס!
במנוחה קייען דאָס גראָז,
נישט וויסן, אז עפעס בעסערס איז דאָ
און האָבן רו...
רו!

איך וויל זיין א הונט!
דיינע שונאים צערייבן, צעבייסן
מיט די ציין!
נישט לאָזן קיין אבר!
קיין ביין!...

גרויסער גאָט!
מאַך פון מיר
וואס דו ווילסט:
גאָרנישט — אָדער אלץ!

צעשיט איבער דער וועלט אין זאמד,
באגראָב אין דער ערד אין זאלץ,
פארוואנדל מיך אין א שטיין,
נאָר א מענטש,
א מענטש קאָן איך מער נישט זיין!

געטאָ לאָדזש, 1942

# זיי זענען געקומען אין געטא

אין איינעם פון די קאלטע טעג אין באלוט, ווען די פראסט האט די משפחות פון ארבעטסלאזע וועבער, שניידער און טישלער צוגעשמידט צו בעטן און אפגענומען דאס לעצטע ביסל מוט איז אויפן הויף פון דער אלעקסאנדער גאס אריינגעפארן חיים מרדכי רומקאווסקי, „דער עלטסטער דער יודן״.

פון דעם ערשטן טאג, וואס די דייטשן האבן איינגענומען די שטאט לאדזש, האבן זיי אים אויסדערוויילט צו זיין א הערשער, באצייכנט מיט דעם נאמען „דער עלטסטער״.

ער איז געקומען מיט א שווארצן הוט, אין זיין שווארצן מאנטל, א שווערער שטעקן אין דער האנט. זיינע לאנגע, גרויע האר, צעשויבערטע און ווילד ארויס־געשארטע פונעם הוט, האבן זיין פנים געגעבן אי א שטרענגן אי א גוטמוטיקן אויסזען. די בלויע, אומרואיקע אויגן האבן אבער קיין אויסדרוק נישט געהאט, ווי אין זיי וואלט זיך גארנישט אפגעשפיגלט פון זיין אינערלעכן איך.

מיט א רואיקע שטים, א טרוקענע, ווי עס האט זיך אייניקע אויסגעוויזן, האט ער אנגעזאגט די מענער, וואס האבן פארצווייפלט זיך ארומגעדרייט איבערן הויף מורא האבנדיק באטרעטן די שטיינער פון דער גאס:

...באלד קומט דא אין דער שולע פונעם הויף דער ערשטער טראנספארט יידן פון דער שטאט! גרייט פאר זיי צו א קעסל קאווע... קומט צו מיר אין דער גמינע, וועל איך אייך געבן ברויט פאר זיי... איר זאלט זיי אויפנעמען ווי ברידער און צוהעלפן, ביז איך וועל זיי אלע געבן וווינונגען...

מרדכי חיים רומקאווסקי „דער עלטסטער דער יודן״ האט זיינס אפגעזאגט און אריין אין דער קאַטש.

דאס ברוינע פערדל איז אוועקגעגאנגען פאמעלעך מיט אן אראפגעלאזטן קאפ. איבער שטאק און שטיבער זענען צעטראגן געווארן זיינע ווערטער.

...זיי קומען דא אהער! פון דער שטאט אין באלוט! *)

און אימהדיקע שטילקייט האט זיך געלייגט אויף אלע ווענט, ווי דער טויט וואלט זיין שווארצן טוך אויסגעשפרייט איבער אלעמענס קעפּ. גלייך האבן זיך פון אלע שטובן א לאז געטאן די פרויען מיט די קינדער, די מענער און דאס יונג־ווארג, אפילו זקנים, וואס זענען זייט חדשים געזעסן אין דער היים אויס מורא פארן דייטש. פון די קעלערס און בוידעמשטיבלעך זענען אלע ארויס און פול געמאכט דעם הויף איבער די ברעגעס. שטום האבן זייערע אויגן געקוקט אויף דער שול־געביידע, ווי מען קוקט אויף א קבר.

דער הויף האט זיך אלע אויסגעוויזן ווי א בית־עולם.

די ערשטע איז צו זיך געקומען די לערערקע פון דער יידישער פאלקס־שולע אין דער שטאט. פון דעם טאג אבער וואס די דייטשן האבן לאדזש פאר־נומען, איז זי מער דארט נישט אהינגעגאנגען. זייער האס האט זי פארשטויסן, אפּגעזונדערט. אויף אלע רייד, אין וועלכע די יידן האבן וועגן די דייטשן דער־ציילט ווי זיי צעראבעווען אלע יידישע געשעפטן, כאפּן די מענער אויף ארבעט, פירן אויס חוזק טענץ אין מיטן גאס מיט אלטע גרויע יידן, פלעגט זי ענטפערן:

...עס זאל נאר קיין ערגערס נישט געשען!

דאס ווארט „ערגערס” האט אין איר באנעמונג גאר קיין שיעור נישט געהאט. א פיינלעכער אומרו, א פארגעפיל פון זאכן שרעקלעכע, וואס האבן נישט קיין נאמען אין איר פארשטעלונג האט ווי א וואָרעם גענומען טאטשען איר מוח, איר הארץ.

— זאלן זיי אונדז אלע צוזאמען פרעסן אין א געטא? אויסהונגערן, פאר־ניכטן? — האט זי אומגלויביק געפרעגט, ווי דאס אלץ, וואס טוט זיך ארום נאר א חלום געוועז.

דער שוסטער בעריש, א נידעריק, פארדארט יידל מיט תמיד רויטע, פאר־לאפּעטע אויגן איז צו איר צוגעשטאנען:

— איר זייט דאך א געלערנטע פרוי, וואס הייסט דאס אייגנטלעך א געטא? אמאל איז עס דאך שוין געוועז,, דאס הייסט, ווי איז עס דאן געוועז?

*) באלוט — דער יידישער ארבעטער קווארטאל אין לאדזש.

ער האט מיט פשטות געקוקט אויף איר צארטן, לענגלעכן פנים, געווארט אויף אן אויפקלערונג, א טרייסט ווארט, אז אין א געטא האבן שוין יידן געלעבט.

דאס ווארט געטא האט זיך זייט חדשים געטראגן איבער די לאדזשער גאסן ווי א שווערע מאסע צוגעפרעסט, נישט געלאזט אָטמען. אפגענומען דעם שלאף פון די אויגן. גיהנומדיקע בילדער געמאלט אין די לאנגע שלאפלאזע נעכט. אייניקע פאריאגט פון זייער היים און נאנטע אין די דערפער, אדער צו די רוסישע גרעניץ שטעט; אנדערע גורלדיק פארבונדן מיט זייער היים, מיט זייער שטאם.

— וואס איז דא אריינצוטראכטן וואס אזוינס איז א געטא? גייט אייננהייצן דעם אויוון אין דער שולע, שטעלט צו א קעסל קאווע... — האט די לערערקע, די פרוי פיינער געגומען אים פארעדן. מען דארף גיין מיט א קויבער איבער שטובן זאמלען טעלער און לעפל!

זי איז טאקע אוועק מיט איר טאכטער מיט א גרויסן קויבער אין דער האנט און אין יעדער שטוב איבערגעחזרט דאס זעלבע:

— א גוטמארגן אייך... מיר זאמלען פאר די שטאטישע יידן טעלער און לעפל... זיי וועלן באלד קומען... מען דארף צוגרייטן... די ווערטער האבן זיך געלייגט מיט א ביטערקייט אויף אירע ליפן, זי האט געהערט זייער קלאנג און דאך נישט געקאנט גלויבן, אז זי מיטן קויבער אין דער האנט איז טאקע זי אליין און דאס זענען אירע אייגענע ווערטער.

האט זיך איבער שטובן געגומען טראגן א יללה:

...ווי, ווי, זיי קומען דא אין באלוט? די רייכע יידן פון דער שטאט! פון זייערע פיינע שטובן, פון זייערע פאלאצן?

האט ווער דערלאנגט א געבלימלטן טעלער פון פסחדיקן געפעס, וואס איז ער דען איצט ווערט אין אזא צייט? אן אנדערער א בלעכערנעם לעפל, א טאס...

אזא בראָך... טאקע מיט לערע הענט וועלן זיי ארויס פון די נגידישע שטו־בן? אין אזא פראָסט?

די רייכע הייזער מיט אלע באקוועמלעכקייטן פון די לאדזשער יידן זענען אויף באלוט געוועזן, ווי א חלום פון אן אנדערע, זאטע און צופרידענע

וועלט. איז איצט דער חלום צערונען און אלע זאלן ווי גלייכע לעבן אין די נאסע, שימלדיק שטובן און קעלערן?

דאס קעסל שווארצע קאווע אין דער שולע האט געזידט און געפארעט. שווארצע, ראזעווע שטיקער ברויט געלעגן אויסגעלייגט אויפן טיש, געווארט אויף הענט, וואס וועלן זיך נאך זיי אויסציען.

דער שניי איז געפאלן שטיל, ווי איינזאמע טרערן און שטיל זיך גע־לייגט אויף די גליטשיקע אספאלט וועגן. א בלויע פראסט האט זיך צעשפרייט איבער שויבן אין דער לופט. די אויגן פארנעפלט, דאס הארץ פארגליווערט.

— זיי קומען אָן... זיי זענען שוין דא... האבן מיט פארבראכענע הענט מיט ליפן בלויע, פון צער אויסגעקרימטע גערעדט די באלוטער ווייבער, די שניידערקעס, נופערקעס און דינסט־מיידן. די מענער ברייט אויפגעמאכט דעם טויער פאר דער עדה שטאטישע יידן.

— זיי זענען געקומען — האט דער ווינט געקלאָגט איבער די באלוטער גאסן און געסלעך. איבער די ווייטע מארישינער פעלדער, איבער די פוסטע היל־צערנע הייזלעך, פון וועלכע די פוילישע ארבעטער זענען אוועק אין דער שטאט, אין די יידישע וווינונגען.

— זיי זענען געקומען האט עס געוואיט מיט חורבן און פארוויסטונג איבער די בזשעזינער, לאגיעווניצקא און אלעקסאנדער גאסן, וואס דארפן ווערן א געטא מיט צוימען און בריקן, באוואכט טאג און נאכט פון דייטשע זשאנדארמען. איבער די שטיינער האט זיך געטראגן דאס שטומע קלאפן פון הונדערטער פוס.

מיט קעפ געבייגטע צו דער ערד, אין טוכענע מאנטלען, אין פוטערס, אין שאלן און טיכער איבער די קעפ פארווארפן, מיט קינדער אויף די הענט, מיט טאר־בעס און רוקזעק אויף די פלייצעס — זענען זיי געקומען.

רוקזעק האט די גאנצע שטאט לאדזש געגייט פון ערשטן טאג, וואס דער דייטשער האקנ־קרייץ האט גענומען פלאטערן איבער אלע הייזער.

פאר דערוואקסענע גרויסע רוקזעק מיט טאשן, פאר די קינדער קליינע מיט וויפוסטקעס אויסגעשטעפטע רוק־זעקלעך. נייען רוק־זעק איז געווארן א נייע פרנסה פאר הונדערטער שניידערס, וואס האבן טאג און נאכט געגייט מורא

האבנדיק, אז עס וועט בלייבן א ייד אן א זאק אויפן וועג אין געטא. זענען אלע יידן געקומען אין באלוט מיט די זעק אויף די פלייצעס, ווי א צוגעשמידטן בארג צום גוף מיט געלע לאטעס אויף ברוסט און אויף רוקן...

זיי האבן נישט געזען די פרויען און מענער אין טויער וואס האבן פאר בושה די קעפ באהאלטן אין די הענט, נישט געהערט זייער דערשטיקט, פאר פארצווייפלט געוויין. אליין וויינען נישט געקענט.

אין זייערע אויערן קלינגט נאך דאס חוזק געלעכטער פון די זעלנער, ס.ס. און געסטאפא אנטרייבערס.

— לוסטיקער מארשירן! שוויין־יודן! — און א שאס פאלט אין צוזאמגע־קנוילטן אין שרעק ארומגעארמטן יידן־צוג.

— מאמע! מא... אן אפגעריסן אימהדיק געשריי און פארחלשטע פיס הייבן אן מיט אימפעט לויפן. גלייך ברעכן זיי זיך, פאלן, הייבן זיך אויף און לויפן ווייטער.

איצט אטעמען זיי אפ... אריבערגעקומען דעם וועג. זיי זעצן זיך אויס אין די פוסטע קלאסן אויף קינדער־בענק, אויף דער ערד, נעבן די רוקזעק. ציילן שטומשווייגנדיק ווער איז פון דעם צוג געבליבן. מיט א קאן הייסע קאווע גייט ארום איבערן זאל דער פארמלחמהדיקער מאנופאקטור סוחר אברהם זעלצער, וואס האט זיך פון די ערשטע אריבערגעקליבן מיט זיין הויזגעזינד אין באלוט, ווייל די ארעמע יידן וועט דער דייטש צורו לאזן און מונטערט אלע מיט געבראכענע אומבאהאלפענע רייד.

— טרינקט יידן, דערוואר'עמט זיך... המן האט אויך געהאט א מפלה! ווען גאט וויל... גייען מיר אלע מארגן אהיים... נאר אביסל בטחון... יידן!

אויף דער זאזשעוועסקא און נאפיורקאווסקיעגע, די ערשטע „יודן־ריינע" גאַ־סן, זענען געבליבן נגידישע הייזער הפקר, אפן און פריי צום רויב פון דער פוי־לישער און דייטשער גיריקייט.

איצט ציען זיי אויס זייערע געפרוירענע הענט נאך א ביסל ווארעמס, נאך א פענעץ ברויט.

באדעקן די פרויען מיט די מאנטלען און טיכער דעם דיל, זעצן אוועק די צעטומלטע, דערשראקענע קינדער. די פון קעלט פארשטארטע פיסלעך הילן

ארום אין א האנטעך, א סוועטער, וואס וואנזיניקע העגט האבן אין דער לעצטער רגע געכאפט.

דער אפטייקער יוליוס מעליצקי, אן אסימילירטער ייד, וואס האט זיין גאנץ לעבן קיין יידיש ווארט נישט ארויסגערעדט, דרייט זיך איצט ארום צווישן דעם „טראנספארט" מיט א טאש וואטע און באנדאזשן. ער ווייסט אליין נישט, וועלכער כוח האט אים דא אריינגעבראכט. זיין אפטייק, וועלכע ער האט פון זיין טאטן, דעם ערשטען אפטייקער אויף באלוט, געירשנט, האט ער פיינד באקומען צוליב „זיי" די שטענדיק טומלענדיקע, אפגעריסענע „פראָסטאַקעס". ווען נישט דאס קליינוואַרג, וואלט ער אנטלאפן ווי די וועלט האט אן עק! ער וויל נישט מער טראגן דעם יידישן גורל! און דאך האבן זיינע פיס אים אריינגעפירט אין דער שולע.

— איז עס געשען אין אונדזערע צייטן? ווי אזוי איז דאס געשען? — רעדט ער א צעחושטער צו זיך אליין קוקנדיק אויף די פרויען מיט קינדער אויף דער ערד אויסגעלייגטע.

— מען דארף נישט וויינען — פרובט ער בארואיקן א יונגערמאן מיט א בלוי, צעשלאגן פנים, פון א זעץ מיט דער קאָלבע. ער בינט ארום זיינע ווונדן און מוסר'ט אים:

— איר מוזט זיך אין די הענט נעמען... מ'דארף דא אן ארדנונג מאכן מיט די ווייבער מיט די קינדער... וואס איז אייך? האט איר פיבער?

— ניין... מיר איז גארנישט... — שטאמלט דער יונגערמאן. — זיי האבן אויפן וועג מיין מאמען דערשאסן! א... לאזט ער אראפ דעם קאפ און פארגייט זיך ווי א פארלאזן, אומבאהאלפן קינד אין געוויין. מיר אלע האבן באדארפן זיך פריער אפסמ'ען! אלע! אלע...

זיצט אין מיטן שטוב א יידענע אויף א זאק מיט וועש און מלבושים. איר שייטל האט זיך פארוקט אין א זייט. די ליפן באדעקט א שוים:

— יידן... יידן... ווער וועט מיך ארייַנלאזן איבערנעכטיקן אין זיין שטוב גיב איך די זילבערנע לייכטער! מיין זון איז א פראפעסאר אין פאלעסטינע... איך האב קינדער אין לאנדאן, אין אמעריקע... אויף דער גאנצער וועלט! זיי וועלן אייך באצאלן...

—אלע שטעלן זיך אויס אין א ריי! איך וועל אייך מיטאג פארטיילן! שרייט איבערן זאל די לערערקע, די פרוי פיינער.

אויף דער ערד ליגט אן עדה יידן שטום־שווייגנדיק, ווי זייער לעבן וואלט געבליבן דארטן אין זייערע היימען, אין דער שטאט. לערער און סוחרים, קרעמער און בעל־מלאכה׳ס, וויללערנער, און אפיקורסים, לאדזשער יידן. אויגן משו־גע׳נע, פארצווייפלטע און שטארע קוקן ערגעץ אין אן אומבאקאנטער ווייט און זעען גארנישט. נעבן ליגן זייערע זעק מיט ספרים און ספר־תורות, מלבושים און עסנווארג, און ארבעטס־מכשירים.

אפגעזונדערט פון אלע זיצט דער שרייבער ווייס, וואס איז כמעט מיט א לערן רוק־זאק ארויס פון זיין בוידעם־שטיבל. די גאנצע נאכט האט ער זיינע כתבים געברענט. רויטע פייער־צונגען האבן איינגעשלונגען זיינע העלע, זוניקע חלומות, זיין גלויבן, זיין אמת. א נאקעטער איז ער אין געטא געקומען. אין זיין פארפייניקטן מוח שלאגט זיך איין געדאנק:

— איך מוז אנטלויפן, ווייט! ווייט! אין דערפער אדער וויסטע וועלדער... נישט צו זען מער קיין מענטש פאר די אויגן!

ער באנעמט עס אבער קלאר מיט אלע חושים, אז ער וועט בלייבן זיצן דא, אויף דער קינדער־באנק, אין דער שולע מיט אלע יידן צוזאמען. אין א געטא.

עס איז שוין צו שפעט...

טרויערט אומבאהאלפן די ציטערדיקע פאר אלטקייט באבע, וואס האט דאך געהאט די קראפט דעם וועג איבערקומען:

— וואס וועל איך איצטער טאן... דא אין געטא... פארגעסן אויפן טיש די ברילן! איך זע שוין גארנישט... גארנישט! — און פירט מיטביידע הענט איבער דער לופט, ווי געוואלט די פינצטערקייט, וואס האט זיך פאר איר צעשפרייט, פארטרייבן.

הערשעלע, דאס זיבניעריק אייניקל, וואס זיצט, ווי תמיד אמנאנטסטן צו דער באבע, פון אלע אירע אייניקלעך, פארזיכערט זי מיט א מוטיק צעקלונגען קולכל:

— ... זאָרג ניט באבעשי... מארגן וועל איך אהיימלויפן נאך די ברילן! איך האב גארנישט מורא פאר די דייטשן! דו וועסט זען, איך וועל זיי דיר ברענגען...

הערשעלע קוקט אויף זיין אלטער באבעשי מיט גרויס רחמנות און ציט ארויף די דעק איבער אירע פארפרוירענע, גוססדיקע פיס.

א גרויקייט צעגיסט זיך איבער דעם זאמל־פונקט פון די שטאטישע יידן. שנעל פאלט צו די נאכט איבער אלע פנימער וואס ווילן זיך איינגארען אין דער פינצטערקייט, איינשלאפן, פארגעסן.

אין א ווינקל האט זיך אוועקגעשטעלט א מנין יידן און מיט א פלאמיק פארבענקטער שטים געצויגן:

...אשרי יושבי ביתך!

# אין זיכערע הענט

אין דער שטילקייט פון דער נאכט האט ציטערדיק געקלונגען דאס קול פון פרוי זעליגמאן:

— מירעלע, מיין זיסעלע, מארגן וועל איך דיך אוועקפירן צו דער משפחה ווארעק אין דער שטאט. זיי וועלן דיך אויסבאהאלטן ביז...

זייט עטלעכע וואכן האט די פרוי זעליגמאן באשלאסן אויפצוקלערן מירעלען די לאגע אזוי ערנסט ווי זי איז: געבן איר צו פארשטיין, אז די קינדער אין געטא זיינען באדראט; אז עס קאן חלילה געשען, אז אין איין טאג זאלן די דייטשן אלע ארויספירן.

זי האט אבער נישט געהאט קיין מוט וועגן דעם צו רעדן מיטן קינד. מורא געהאט, אז די כוחות וועלן זי אפלאזן און זי וועט נישט באוויזן.

איצט, האלטנדיק דאס מיידעלע אין די ארעמס, האט זי ווייך און אנטשלאסן גערעדט:

— זיי, די משפחה ווארעק, זיינען גוטע מענטשן. א סאך יידן האב זיי ביז איצט אויסבאהאלטן ביי זייערע משפחות אין די דערפער. ער, קאראל, ארבעט אין דער פאליציי, קיינער קאן אים גארנישט חושד זיין — האט ווייטער געצויגן די מוטער. זי האט זיך באמיט צו זיין באהערשט, נאר מיט יעדן וואָרט איז איר דאס בלוט אפגעשוואומען פונעם האַרץ; א קעלט האט ארומגענומען דעם גוף.

— וועסט גיין מיין קינד? — האט די פרוי זעליגמאן מיט א כלומרשטער רואיקייט געפרעגט.

— איך האב דיר צוגעגרייט א פעקעלע מיט אלע דיינע זאכן. אין טעשל פונעם קליידעלע אריינגעניית א ביכעלע. דארט, מירעלע, זיינען אלע אדרעסן פון די באקאנטע אין שטאט, וואס האבן אונדזערע זאכן אויסבאהאלטן. אלץ

איז דאָרט געגנוי פאַרשריבן. נאָך דער מלחמה, מיין קינד, וועל איך אפשר זיין אין אן אנדער שטאָט, אפשר נישט קאָנען גלייך קומען דיך נעמען... זאָלסטו גיין אויף די אַדרעסן. היט מירעלע דאָס ביכעלע, זיי וועלן דיר אַלץ אָפּגעבן.

די פרוי זעליגמאַן האָט געגלעט די סאַמעטענע האָר פון טעכטערל און אויף א רגע נישט איבערגעריסן אירע רייד, ווי זי וואָלט זיך געשראָקן פאַר די פראַגן, וואָס קענען נאָכקומען...

— זי, די פרוי וואַרעק, האָט שטאַרק ליב קינדער; זי וועט פאַר דיר זאָרגן, אָפּהיטן דיך. און ער, קאַראַל, וועט דיר ברענגען בריוו פון מיר. זאָלסטו ענטפערן כאָטש א פּאָר ווערטער... געדענק! ס׳וועט דיר דאָרט גאָרנישט פעלן. זיי האָבן אַלץ. נישט בלויז ברויט, נאָר אפילו עפּל און קוכנס. וועסטו גיין צו זיי, מיין קינד? זאָג.

מירעלע האָט געשוויגן. מיט די הענטלעך אַרומגענומען איר מאַמעשי, פעסט צוגעטוליעט זיך צו איר, ווי געוואָלט ווייזן, אַז קיין שום קראַפט קאָן זי נישט אָפּרייסן, צעטיילן.

האָט די פרוי זעליגמאַן נאָך אַמאָל גענומען מירעלען דערקלערן:

— מיקי־ריקי — אַזוי האָט זי ליב געהאַט צו רופן שפּאַסיק מירעלען אויף צו מאַכן זי לאַכעדיק — דו ביסט דאָך שוין א גרויס מיידעלע און פאַרשטייסט, אַז אַלץ איז צוליב דער שלעכטער מלחמה, וואָס אַזאַ איז נאָך קיינמאָל נישט געווען...

גיך פּלוצים אומפאַרהאָפט א פרעג מירעלע:

— און ווי איז אַמאָל געווען א מלחמה? האָבן אַלע מענטשן זיך געשלאָגן אין די גאַסן?... היינט זעט מען דאָך נישט די מלחמה... ס׳איז נאָר א געטאָ מיט דראָטן...

— אַמאָל קינד מיינס — ענטפערט אומעטיק די מוטער. האָבן זיך נאָר זעלנער געשלאָגן אויף די פראָנטן, די קינדער האָט קיינער נישט אָנגערירט. היינט, מירעלע, ווייל מען אַלעמען אומברענגען! אויך זקנים און קינדער... דער עיקר יידן... מוז מען דאָך זיך אויסבאַהאַלטן... זיין געזונט, האָבן א סך, א סך כוחות אויף איבערוואַרטן די שלעכטע צייט.

איצט האט שוין פרוי זעליגמאַן נישט גערעדט ווי א מאמע רעדט צו א קינד, וועלכן מען מוז פארזיכטיק צוגרייטן — צו פארלאזן די היים און גיין צו פרעמדע אליין, אָן טאַטע־מאַמע — נאר ווי צו א דערוואקסענער טאכטער, כדי זי זאל פארשטיין, אז נאר דורך דעם אויסבאהאלטן זיך, קאן זי זיך ראטעווען.

— אויך דער טאַטעשי האט זיך היינט אויסבאהאלטן און וועט נישט אהיימקומען שלאפן. קיינער וועט אים נישט געפינען. האט זי מיט א פעסטער, זיכערער שטים פארזיכערט דעם קינד. אויך דיך וועט קיינער נישט געפינען! וועסטו גיין, מירעלע? זאג.

— איך וועל אין ערגעץ נישט גיין; איך וויל נישט! ניין, ניין! — האט מירערלע מיט אזא קראפט געגומען שרייען, אז די פרוי זעליגמאַן האט איר קעפל צוגעדעקט מיט דער דעקע, צוגעטוליעט פעסטער צו זיך, די שכנים זאלן נישט דערהערן ס׳געוויין פלוצלינג אין דער נאכט. אויך זיי שלאפן נישט; אויך זיי פייניקט דער אומרו און די שרעק. האט זי ס׳קינד געגומען איינשטילן, בארואיקן:

— מיקי־ריקי — כ׳זע, אז דו ביסט נאך א פיצל מיידעלע. וואס איז דא צו וויינען? דאס איז דאך נאר פאר דיין טובה; דיך אפצוראטעווען... ווילסטו נישט — איז נישט! דארף מען נישט... וועט גאט אויף אַן אנדער וועג העלפן. שלאף איצט, מירעלע, שלאף. אפשר מארגן, ווען מיר וועלן אויפשטיין, וועט שוין זיין אויס מלחמה, אויס געטא, אויס „פּאַסטן".



אין דער פרי האט די מאמעשי אזוי לאנג געוויינט, אז מירעלע האט עס מער נישט געקאנט צוזען און אליין געזאגט:

— איך וועל גיין צו זיי אין דער שטאט, איך וועל גיין מאמעשי... יעדן טאג וועל איך צו דיר שרייבן א בריוו...

ווען דער פאליציאַנט קאראל וואַרעק, אין זיין מונדיר און בייע שטיוול, איז געקומען אין שטוב פון דער פרוי זעליגמאַן, איז שוין מירעלע געווען אויסגעבאדן; די שווארצע, זיידענע האר פארפלאכטן אין צוויי לאנגע צעפּ, מיט א רויטן שלייף פארבונדן. דאס פעקל אנטועכץ צוגעגרייט, פארפאקט.

מירעלע האט געזען, ווי די מאמעשי האט אים דערלאנגט דאס שיינע קעסטעלע מיט צירונג, וואו ס׳ליגט דאס גאלדענע זייגערל, פינגערלעך מיט פינקלדיקע שטיינדלעך אויסגעזעצט, און די לאנגע, גאלדענע קייט. מירעלע ווייסט, אז די מאמעשי האט זי צו דער חתונה פון דער באבעשי באקומען. אויך די באבעשי האט זי פון איר מאמען באקומען. דאס איז א קייט, וואס איז פון מאמע צו קינד איבערגעגאנגען, און אויך איר האט די מאמעשי די שיינע גאלדענע קייט צוגעזאגט.

זי האט געהערט די שטילע אומעטיקע רייד פון דער מאמעשי:

— נעמט עס, הער קאראל! נעמט און באהאלט. אויב איר וועט דארפן באַזארגן עסן, צי חלילה א דאקטאר, א רפואה — פארקויפט אלץ! אלץ! זשאלעוועט נישט דאס גאלד! דערנאך אנגענומען זיינע הענט און ציטערדיק גענומען שטאמלען:

— איך... איך פארטרוי אייך אלץ... דאס טייערסטע...

— נישטא וואס איבערצוקלערן, אריינטראכטן אזויפיל — האט דער פאליציאנט אייליק געענטפערט. מיר זיינען דאך מענטשן... אויך מיר האבן קינדער... אזוי אייגן וועלן מיר זי אפהיטן...

קאראל ווארעק איז געווען צעטראגן, געוואלט וואס גיכער ארויס פון דער שטוב, פון דעם געטא, וואס איז נאך אפן, נאר אט, אט, וועט עס געשלאסן ווערן.

— קום, מאריסיע, האט ער ווארעם א זאג געטאן און גאר ווייך צוגעגעבן, — אזוי הייסטו פון היינט. און דו ביסט אונדזערס א שוועסטער־קינד. געקומען פון דארף. געדענק! נו געזעגן זיך, מאריסיע, און קום!

מירעלע איז געשטאנען ווי געלעמט. געקוקט אויף דער מאמעשי, אויפן פאליציאנט מיטן פעקל אין דער האנט, און נישט געקענט איינגאנצן באנעמען וואס דא קומט פאר.

דאס מאל האט די מאמעשי נישט געוויינט מער. זי האט זיך געטרייסט און בארואיקט, אז איר קינד איז אין זיכערע הענט. האט זי מירעלען א הייב געטאן אין דער לופט, צוגעדריקט צו זיך שטארק, שטארק ביז ווייטיק, געקושט אין די אויגן, די בלייכע בעקעלעך, דאס קעפל און די האר.

— זיי געזונט מיקי־ריקי... שרייב יעדן טאג! געדענק!...

די ווערטער האט שוין מירעלע געהערט ביי דער טיר, זיי האבן זיך איר נאָכגעקייקלט איבער די טרעפּ.ביים טויער איז זי א רגע שטיין געבליבן, אומגעקוקט זיך, צי די מאמעשי רופט זי נישט צוריק און איז מיט אַן אראפּגעלאזט קעפּל ארויס אויף דער גאס.



איבער לאנגע, ליידיקע גאסן איז דער פאליציאנט געגאנגען מיט מירעלען. אמאל זיינען זיי געווען פול מיט קינדער, מיט געלעכטער. אויפן ברוק פאר די הייזער פלעגן זיי זיך שפילן און ארומיאגן. דא האט געוואוינט די ארעמקייט פון באלוט — אין קליינע שטיבעלעך, אין קעלערס און אויף קרומע ביידעמער. די ענגע ווענט האבן נישט געקאנט ארייננעמען די אלע קינדער. אפילו דאס קליינוואַרג, וואס האט זיך קוים אויף די פיס געשטעלט, פלעגט זיך אויך שפילן אויפן ברוק — הנאה געהאט פון דער גאס, פון די מענטשן וואס גייען ארום מיט קויבערס און פעקלעך, פון די בריטשקעס מיט פערד און פון די נידעריקע שוי־פענצטער מיט זיסע קיכלעך און צוקערוואַרג. איצט זיינען אלע פענצטער פארהאנגען מיט שווארצע טיכער און די קינדער באהאלטן זיך אין די ווינקלען, מען זאל זיי נישט הערן, נישט זען.

שטיל און פארזיכטיק האט דער פאליציאנט איינגעטענהעט מיט מירעלען:

— זאלסט עס וויסן און געדענקען מאריסיע, אז דיין מאמע הייסט סטעפא, זי איז קראנק. און מיין ווייב איז דיין מומע — אזוי וועלן מיר זאגן די קינדער. געדענק זייערע נעמען:

— וולאדעק און באלעק — די זין; וויקציא און קאסיא — די מיידלעך. דערווייל וועלן מיר מוזן דיך אויסבאהאלטן... שפּעטער וועסטו זיי אלע זען. פארשטייסטו? דאס מוז זיין א סוד. היינט זיינען דא פארשידענע מענטשן... קאנען מסרן! פארשטייסט? — האט ער נאך אמאל איבערגעפרעגט. מיר וועלן דיך פארשטעקן צווישן מלבושים אין א שאנק... — נישט הערנדיק פון מירעלען קיין ווארט, האט ער ווייטער מיט א גוטמוטיקער שטימע געצויגן:

— עסן וועט דיר ביי אונדז נישט פעלן. יעדע פאר טעג וועל איך צוגיין צו דיין היים... ברענגען דיר א בריוול... דערציילן וואס דו מאכסט... פארגעס דיין שטוב, די גוטע, די יידן, די געלע לאטעס...

ער האט געקוקט ערגעץ אין דער ווייט ארויסוואַרפנדיק די ווערטער פון זיך, ווי מורא געהאט, אז דאס קינד וועט ארויס מיט א גרויס געוויין.

אזוי אבער ווי מירעלע איז אים געהארכזאם נאכגעגאנגען שווייגנדיק, האט ער מיטאמאל אויפגעהויבן איר אראפגעלאזט קעפל און האט גוטמוטיק א זאג געטאן:

— מיין ווייב, סטאכע הייסט זי, איז א גוטע, נאר ס׳טרעפט אז זי שרייט אָן אויף די קינדער, זידלט זיי. אויך אויף מיר שרייט זי! — האט ער א לאך געטאן, ווי מיט א כוונה, כדי צו איבעררייסן מירעלעס געדאנקען — זי שלאָגט אבער קיינמאל נישט. און געפרעגלטע פלעצלעך ליבסטו? האט ער גאר מיט אַן אנדער, שוין היימישער נאענטקייט געפרעגט. א בריה איז מיינע אויף גוטע מאכלים! די פלעצלעך מאכט זי ברוינע, ווייכע און צוגעברענטע. ס׳קנאקט אונטער די ציין; און א רויטן בארשט מיט קרויט אויף פעטע ביינער מאכט זי בעסער פון אלעמען.

מירעלע האט שוין לאנג נישט געזען קיין קארטאפל. מען האט זיי אין געטא נישט אריינגעבראכט. מעל און קאשע, רייז און ארבעס, וואס דער טאטעשי האט פאר דער מלחמה איינגעקויפט, איז געווען די שטענדיקע שפייז. און מירעלע האט גארנישט געזאגט, ווען יעדן טאג האט די מאמעשי ווידער א טעלערל מיט רייז איר צוגעשטעלט.

זי האט געזען, ווי אלע קינדער אין געטא האבן טרוקענע, דארע פנימלעך, האט זי פארשטאנען, אז ביי זיי, איז שוין קיין ביסל רייז אויך נישטא מער.

איצט, הערנדיק פון די גוטע מאכלים, איז איר איבלדיק געווארן אין מויל און טרוקן געווארן אין האלדז. זי וואלט גליקלעך געווען מיטן טעלערל רייז, ביי זיך אין דער היים. פארשידענע מחשבות זיינען איר מיט אמאל אנגעקומען. איין געדאנק האט צעטומלט דעם צווייטן, בילדער נישט קלארע האבן זיך געמאלט פאר אירע אויגן. קוים דערהערבאר האט זי מיט א ציטערדיק קול א פרעג געטאן:

— פארוואס עפעס וועט מען מיך אויסבאהאלטן אין א שאַנק?



ווען מירעלע איז איבערגעקומען די הויכע טרעפּ, האָט זי לייכטער אָפּגעאָטעמט. די פּיס האָבן זי קוים געטראָגן העכער און העכער. זי ווייסט אָבער, אַז זי טאָר נישט זיין שוואַך. קיינער דאַרף איר שלאָפקייט נישט דערזען — אַזוי האָט זי די מאַמעשי געלערנט.

ווען זי האָט די שוועל פון דער שטוב באַטראָטן, איז קיינער פון די קינדער פון דער משפחה וואַרעק נישט געווען.

די פרוי פון פּאַליציאַנט, אַ לייביקע און פעסטע, מיט אַ קאָפּ העכער פון איר מאַן, איז צוגעקומען צו מירעלען, אויסגעטאָן איר דאָס מאַנטעלע, אַ רגע איינגעקוקט זיך אין איר פּנימל, אָנגענומען ביידע צעפּ און לאַנגזאַם אַרומגעבונדן אַרום מירעלעס קאָפּ און אַריינגעזעצט לאַנגע, שמאָלע קעמעלעך. נאָך אַ מאָל מיט זאָרג זיך איינגעקוקט אין איר בלייכן פּנימל און אַ ברום געטאָן:

— גאָר נישט ווי פון דאַרף!

זי האָט מירעלען אַריינגעפירט אין לעצטן צימער. דאָס פּעקעלע אַוועקגעלייגט אויף אַ שטול. גאַרנישט זאָגענדיק אַריינגעבראַכט אַ טעלער ברויט מיט ווייסן קעז, אַ טעפּל קאַווע און אַ שטיק קוכן.

אָנווייזנדיק אויף דער בריי‫טער, דעמבענער שאַנק האָט זי שטיל גענומען רעדן:

— טרינק און עס, האָב קיין מורא נישט... דערווייל וועסטו זיין אין דער שאַנק. שפּעטער וועט מען זען. דו, מאַריסיע, זיץ נאָר רואיק און ריר זיך נישט פון אָרט. דאָס איז אַ סוד! — און צוגעלייגט די פינגער צום מויל — אַ סוד פאַר די שכנים, אפילו פאַר מיינע קינדער. שפּעטער וועט מען שוין זען... נאָך אַמאָל איבערגעחזרט, ווי געוואָלט זי טרייסטן, באַרואיקן.

מירעלע האָט קוים געשלונגען די וואַרעמע קאַווע. קיין ביסן אָבער, האָט זי אין מויל נישט געקאָנט נעמען. האָט די וואַרקאָווע אַריינגעשטעלט דעם טעלער מיטן קוכן אין שאַנק און האָט אָנגעוויזן מירעלען:

— שאַ... שטיל... זעץ זיך דאָ אַנידער... נאָר נישט מורא האָבן.. אַזוי ווי דו וועסט אָפּעסן, פּרוביר איינשלאָפן. האָט מירעלע געהערט די לאַנגזאַם אויסגעצישעטע ווערטער און אַלץ געטאָן, וואָס מען האָט איר געהייסן.

א שליסל האט זיך א דריי געטאן אין דער טיר און מירעלע איז געבליבן אין דעם פינצטערן, פארשלאסענעם שאנק.

גלייך האט זי געהערט א באנומענעם אויסגעשריי:

— באזשע מאי! *) — וואס סארא זאכן! סארא ריבגען!

מירעלע האט פארשטאנען, אז דאס ווייב פון פאליציאנט פרייט זיך אזוי מיט דער מאמעשיס צירונג, מיט דער קייט.

יעדן יום־טוב האט די מאמעשי געטראגן די לאנגע גאלדענע קייט. איר פנים האט דאן ליכטיק געשיינט, גאר אנדערש זיך אויסגעוויזן. און איצט? איצט וועט דאס ווייב פון פאליציאנט טראגן די קייט — טראכט מירעלע מיט א פארקלעמט הארץ. איצט איז איר די מאמעשי טייערער, ווי אלעמאל.

מיט צעגליטע, ברייט צעעפנטע אויגן, קוקט מירעלע זיך ארום אין דעם פול־אנגעפאקטן שאנק — אויף די פעלצן, קליידער און מאנטלען וואס הענגען דארט. דורך עטלעכע שפארונעס צווישן די ברעטער פון דער וואנט־זייט, שיינען אריין פאסיקלעך ליכט, די פינצטערקייט צו באהעלן. פאמעלעך, פאמעלעך הייבט זיך מירעלע אָן פאנאנדערקלייבן אין דער פינצטערניש. זי פארשטייט, אז די שפאַ־רונעס אין די ברעטער זיינען נישט צוליב ליכט, נאר אביסעלע לופט צום אטעמען זאל צוקומען.

זי האט שוין ניין יאר, פארשטייט שוין א סך, א סך זאכן, וועלכע זי האט פריער נישט פארשטאנען.

זי פארשטייט איצט, אז ברויט, און אלץ וואס מען עסט — איז לעבן! פריער האט זי קיינמאל וועגן דעם נישט געטראכט, נישט פארשטאנען. דער טעלער ליגט נעבן איר. זי ציט אויס דאס הענטל, וויל נעמען א שטיק קוכן. די מאמעשי האט דאך געזאגט:

„מען דארף זיין שטארק... אויף איבערצולעבן!"

נאר זי קאן נישט, האט קיין מאכט אין די פינגער. זי זיצט צווישן פעלצן און טייערע פוטער־מאנטלען. זי געדענקט, אויך דער טאטעשי האט אזא פעלץ געטראגן... איצט טראכט מירעלע:

*) גאט מיינער (פויליש).

וואו האט זיך דער טאטעשי באהאלטן? אפשר אויך אין אזא שלעכט, פינצטער ארט?

פון אירע אויגן הייבן אָן רינען טרערן. זיי פאלן אויף די זיידענע קליידער און שלאפרעק. איר שטערן ברענט, דאס קעפל ווערט וואס אמאל שווערער, די טרערן ווערן ווי פארגליווערט אין די אויגן און אויף די בעקעלעך. זי עפנט ברייט אויף דאס מויל, פעסטער צו אטעמען, און וויל שרייען הויך, שרייען מיט אלע כוחות, אז אין די ווייטע גאסן פון עק שטאט, זאל די מאמעשי איר קול דערהערן און זי צוריק אהיימנעמען.

זי ווייסט אבער, אז מען טאר נישט. דאס ווייב פון פאליציאנט האט דאך אנגעזאגט: „שטיל זיצן און זיך נישט רירן...״ זיצט זי אין דעם פינצטערן שאנק אומבאהאלפן, פארחלשט, ביז אירע פארוויינטע אויגן פאלן צו.

פלוצלינג איז צו מירעלען דערגאנגען אַ קינדער־געלעכטער, א פריילעכער טומל און רעש. זי האט אויפגעמאכט די פארלאפענע אויגן. אין דער ערשטער רגע נישט באנומען, וואו זי געפינט זיך, ווי אזוי קומט זי אין אזא גרויסן שאנק פול מיט מלבושים און פעק. אירע אויגן זעען גארנישט. קוים וואס זי כאפט אויף דאס שמאלע פאסיקל ליכט, וואס באהעלט איר באהעלטעניש וואס אמאל וויניקער. טונקעלער.

— מסתמא זיינען די קינדער געקומען — גיט א טראכט מירעלע.

זייער געלעכטער און ארומלויפן איבער דער שטוב מיט א שיך טראסקעריי דערשלאגט זי נאך מער:

— פארוואס קאנען זיי זיין ביי זיך אין דער היים, ארומלויפן איבער דער שטוב? — טראכט א פארצווייפלטע מירעלע. און פארוואס מוז איך דא זיצן איינע אליין, פארשלאסן אין דער פינצטער? פארוואס? — נעמט מירעלע וויינען. באהאלט דאס רויטע, פארלאפענע פנימל אין די הענט, קיינער זאל איר כליפען נישט דערהערן.

זי ווייסט שוין אליין נישט, ווי לאנג זי געפינט זיך אין דעם פינצטערן שאנק. צי ס׳איז נאך טאג, צי די נאכט איז שוין צוגעפאלן. זי הויבט אָן צו אונטערשיידן די שטימען און שטעלט פעסט:

— דאס רעדט דער פּאַליציאַנט... ער לאזט נישט שרייען מסתמא. ס׳הערט זיך א טופּעריי פון שיך און ס׳ווערט שטיל.

...אין א צווייטן צימער זיינען אלע אריינגעגאנגען — טראכט מירעלע און ס׳טוט איר שוין באנג, וואס זיי זיינען ארויסגעיאגט געווארן. די שטילקייט ווערט איר פיינלעך. נעמט שטיקן און שרעקן.

אירע געדאנקען ווערן צעטומלט. אין איר זכרון טוישן זיך פארשידענע בילדער פון פאַרגאַנגענעם טאָג. איז דאס אלץ היינט פאַרגעקומען, היינט? זי ווייסט שוין גארנישט וואס עס טוט זיך מיט איר. איר הערצל קלאַפּט נאר מיט איין פאַרלאַנג: אהיימגיין, ארויס אויף דער פריי...

ווי א ווייטער טרוים איז איר איצט דאס קליינע שטיבל אין געטאָ. איר בעטל נעבן דאס בעט פון דער מאמעשי. זי וויל קלאפּן מיט די הענטלעך אין דער טיר פון דעם גראבן שאַנק און שרייען:

— מאַכט אויף! איך וויל ארויס פון דאַנען!

די טעלער מיטן קוכן ליגט איבערגעקערט. זי האט גאר פארגעסן פון איר. די שטילקייט ווערט וואס אמאל טיפער, גרויזאַמער. דער פחד — וואס אמאל גרעסער. נעמט מירעלע טראכטן וועגן געטאָ. אלע יידן מיט די געלע לאַטעס. די מאמעשי און דער טאטעשי זיינען אין געטאָ. זיי איז גוט, זיי זיינען אלע צוזאמען, קאנען ארומגיין אויף דער גאַס, זען מענטשן...

איר קעפּל פאלט אראָפּ נידעריקער ווי א בלימל, וואס איז פון לופט און זון אוועקגענומען געווארן.

ווידער לאַכן קינדער. עטלעכע קולות צוזאמען הערן זיך דורך אַן אנדער וואַנט. איבער זיי שרייט א פעסט קול.

— דאס איז זי, די וואַרקאָווא, פאַרשטייט מירעלע און דאס געלעכטער נעמט זי שטעכן, ווי מען וואלט איר אריינגעשטאָכן אין הארץ א שאַרפן נאָגל טיף, טיף. דער גאנצער קערפּער נעמט איר ברענען. איצט וויל זי ארויס־שרייען:

— שטיל! שטיל זאל ווערן!.. זאל קיינער נישט לאַכן, קיינער!



שפעט אין דער נאכט האט א שליסל זיך א דריי געטאן אין טיר פון דעם שאנק. דער פאליציאנט מיט זיין פרוי זיינען געשטאנעןביים אפענעם שאנק און שווייגנדיק זיך צוגעקוקט, ווי מירעלע שלאפט איינגענורעט אין א ווייכן פוטער־מאנטל, ווי אין א קישן. די פיס צוזאמענגעקורטשעט, ווי אפילו אין שלאף געדענקט און מורא געהאט נישט צעקנאדערן די טייערע מלבושים. דערנעבן ליגט די טעלער מיטן קוכן און צוואורפענע שטיקלעך ברויט.

די ווארקאווא האט מירעלען א צי געטאן ביים ארבל. שטיל א שעפטשע געטאן:

— מאריסיע, שטיי אויף, קום ארויס...

מירעלע האט אויפגעמאכט א פאר רויטע, פארלאפענע אויגן, אויסגע־צויגן די פארשטייפטע פיס, ארומגעקוקט זיך אין אלע זייטן, ווי נישט געקאָנט זיך דערמאנען, ווי אזוי איז זי דא אהער געקומען.

קאראל ווארעק האט צו איר אויסגעצויגן די האנט, גערופן זי:

— קום ארויס... וואש זיך, זעץ זיך אוועק אפעסן. א גוט בעטל איז פאַר דיר צוגעגרייט...

מירעלע האט דערזען אויף א באנק א שיסל וואסער. א ליבע ווארעמ־קייט האט זי ארומגענומען, ווען זי האט אין דעם וואסער ארייַנגעלייגט די פארשטייפטע הענט און געהארכזאם גענומען זיך וואשן.

— שנעלער... גיכער — האט געאיילט די שווערלייביקע פרוי, וואס איז נעבן איר געשטאנען. עס קאן אימיצער פלוצלינג אנקלאפן אין טיר... א קינד קאָן זיך אויפוועקן!

א צעטומלטע האט מירעלע זיך געווישט מיטן ווייכן האנטוך און געטראַכט:

— ביי אונדז אין דער היים זיינען אויך אזעלכע האנטוכער געווען, נאָר די מאמעשי האט זיי שוין לאנג פארקויפט. ס'איז גוט געווען צו האלטן דאס געבלימלטע פראטער־האנטוך, וואס האט איר דערמאנט די היים.

אויפן טיש איז געלעגן ווייס ברויט מיט פוטער באשמירט. א טעלער קעז מיט סמעטענע. א שיסעלע קארטאפל מיט רויטן, פארעדיקן בארשט. לאנג האט שוין מירעלע נישט געזען אזעלכע מאכלים.

— אוי וואָלט דאָס אַ סעודה געווען, ווען דאָס אַלץ וואָלט געווען אין דער היים — לויפט ביי איר אַדורך אַ געדאַנק.

דאָס ברויטע, אויסגעבאַקענע ברויט מיט קימל באַשיט, וואָס די וואַרקאַווא באַקט אַליין, האַלט זי אין מויל ווי אַ זויערע מאַסע און קאָן דאָס נישט אַראָפּ־שלינגען.

— מאָרגן וועט מען אין געטאָ טיילן ברויט, טראַכט זי, און די מאַמעשי האָט נישט קיין ביסן אַפילו.

— עס, עס... איילן ביידע. שוין שפּעט, שוין נאַכט. און רוקן צו נאָענ־טער די טעלער קאַרטאָפל מיטן באָרשט.

בייגט זיך איין צו איר דער פּאַליציאַנט און רעדט פּאַרטרווילעך:

— וועסט זען, שוין נישט לאַנג און ס׳וועט זיך ענדיקן די מלחמה... וועסט צוריקגיין צו דיינע... אַלע האָבן היינט צרות... אויך מיר... טראַכט נישט איבער... אָט האָב איך אַ בריוול פֿאַר דיר!

דער פּאָליציאַנט נעמט אַרויס פון קליינעם טעשל אַ צעקנייטשט שטיקל פּאַפּיר און לייענט עס הויך:

„טייערע מיקי... געדענק, אַז דו דאַרפסט היטן דיין געזונט און טאָן אַלץ, וואָס דיין מומע הייסט דיר, איך ליב דיך שטאַרק און קוש אָן אויפהער".

ביי די לעצטע ווערטער האָבן פון מירעלעס אויגן ווי פון אַ קוואַל געגאָסן פּלייצן טרערן. זי זיינען גערונען איבערן פּנים, איבערן שיסעלע מיט קאַרטאָפל, שטיל, אומבאַהאָלפן, פאַרצווייפלט.

זי נעמט אָבער די לעפל און הייבט אָן עסן. די מאַמעשי האָט געשריבן, אַז מען דאַרף היטן דאָס געזונט, זיין שטאַרק...

ווען קאַראָל וואַרעק רוקט איר צו אַ שטיקל פּאַפּיר, קאָן זי אָבער קיין וואָרט נישט אָנשרייבן. זי זיצט ווי אַ געלעמטע מיט דער פּעדער און קוקט אומעטיק ערגעץ אין דער ווייטס.

— מען דאַרף נישט וויינען — טרייסט מירעלען דער פּאַליציאַנט. מאָרגן וועסטו שוין אַ גרויסן בריוו אָנשרייבן און איצט קום שלאָפן. האָסט אַ גרויס בעט מיט אַ סאַך קישעלעך און קאָלדרעס. באַלד מוזן מיר די שטוב פאַרשליסן.

די ווארקאווא איז געשטאנען נעבן מירעלען בעת זי האט זיך אויסגעטאן און באטראכט אירע זאכן. אדורכגעדרונגען זיי מיט די בליקן אַן איבערצייגטע, אַז אין זיי מוז זיין אַן אוצר פארשטעקט, אויסבאהאלטן א גאר וויכטיקע, טייערע זאך!

— א גוטע נאכט — האט זי שטיל א ברום געטאן — ווען מירעלע איז אריין אין בעט. קיינעם וואלט עס אויפן זינען נישט געקומען, אַז אונטער די קאלירטע קישעלעך, און דעקעס ליגט איינגעוויקלט א פארוויינט קינדער־פנימל.



א צייט ליגט זי איינגעקאַרטשעט ווי פריער אין דעם שאנק. לאנגזאם ציט זי אויס די מידע פיס. אטעמט אפ לייכטער, ווי זי וואלט זיך דערפילט פרייער אין בעט.

צום ערשטן מאל באנעמט זי, אַז א בעט איז פאר א מענטשן ווי א נעסט, וואו מען קאן זיך אויסבאהאלטן. אזא מקום־מנוחה, וואו מען קאן זיך פארשטעקן און פארגעסן פון אלעמען ארום. איצט פילט זי, ווי די ווארעמקייט פון בעט, די ווייכע קישעלעך פרישן זי אויף און בארואיקן.

— פארוואס האט מען מיך נישט אויסבאהאלטן אין א בעט, צווישן טיכער און דעקעס, נאר דווקא אין א שאנק? — חזרט זי איבער עטלעכע מאל, ווי זי וואלט די עוולה נישט געקאָנט איבערטראגן.

איצט האט זי ליב די נאכט. די נאכט איז א גוטע, א שטילע און סאַיז געגוג צו צומאכן די אויגן, כדי צו זען אלץ, וואס מען וויל.

ליגט מירעלע און חלומט איר חלום אויף דער וואר: זי זעט די אמאליקע היים אין שטאט, איידער די געטא איז איינגעפירט געווארן. זי זעט איר היים אין א יום־טוב טאג, מיטן ווייסן טישטעך אויפן טיש, מיט די צעהעלטע ליכט. ביים טיש זיצט דער אלטער זיידעשי מיט דער לאנגער, ווייסער בארד. אויף אלע יום־טובים פלעגט ער צו גאסט קומען. פון אלע ווינקעלעך בלענדט די ריינקייט, און די מאמעשי שיינט אין איר יום־טובדיקן קלייד מיט דער גרויסער, גאלדענער קייט אויפן האלדז.

— פארוואס האט מען אונדז ארויסגעטריבן פון דער היים? — נעמט זי אויפסניי וויינען. פארוואס?

אין די אויערן קלינגט איר דער יום־טובדיקער ניגון פון טאַטעשי. אלעמאל איז ער געווען פארזארגט, פארדאגה׳ט, אבער אין א יום־טוב און א שבת האט ער שטענדיק אַן אויפגעהייטערטער פריילעך געזונגען, און זי, מירעלע, הערט איצט זיין ניגון. מיט אמַאל כאפט זי זיך אויף. וואס סארא שיינער חלום...

— אהיים! אהיים! — נעמט קלאפן שטארקער איר הערצל. און ס׳ציען זיך אדורך פאר אירע אויגן וואס אמאל אנדערע בילדער. קומען אויף זכרונות שוין לאנג פארגעסענע און ערשט וואס געוועזענע. זי שלאפט איין א מידע. און גלייך וועקט זי זיך איבער אין פחד, קוקט זיך ארום א צעטומלטע אין אלע זייטן. ס׳איז אבער שטיל, פארמאכט זי צוריק די אויגן... זעט זי פאר זיך דאס דערפל, וואו זיי האבן דעם לעצטן זומער פאר דער מלחמה פארבראכט. די אויסגעקאלכטע שטוב, וואס די מאמעשי האט ביי אַן אַרעמען פויער געדונגען. פון איין פענצטער האט זיך געזען דאס גאלדענע קארן־פעלד, פון דער צווייטער זייט דער קארשן־סאד מיט זיסע רויטע קארשן אויף אלע ביימער. זי האט ליב געהאט זיי אנהענגען אויף די אויערן, ווי אויערינגלעך, און אזוי ארומגיין. זי פילט איצט די אויערינגלעך אויף אירע אויערן און דעם קארשן־זאפט אין מויל.

פארשווינדט דאס בילד, דערזעט זי דעם וואלד... ס׳איז איר גוט צו הערן דעם שטילן רויש פון די ביימער. אלץ איז דארט געווען אנגעזאמלט: שוואמען און יאגדעס, בלומען און וואונדער־רפואות. און דאס שענסטע פון אלעמען — דער פייגל־געזאנג. דאס שטילע, ארעמע דערפל הינטער לאדזש, מיטן שמאלן טייכל און זאמדיקע וועגן איז איצט אין איר חלום רייכער און שענער געווארן.

מיט אמאל דערהערט זי א שארך ביי אירע זאכן אויפן בענקל. פינגער רוקן זיך איבער אירע קליידער. זי זעט ווי די ווארקאווא לייגט איבער דאס מאנטעלע. זוכט אין די טאשן, דרייט איבער... ווייסט זי שוין אליין נישט צי איז עס א חלום, אדער דאס געשעט אויף דער וואר? ציטערן אירע ליפן אין א געבעט:

— גוטער גאָט, מאך אז איך זאל ווידער זיין אין דער היים... עס זאל מער נישט זיין קיין מלחמה, קיין געטא... מ׳זאל אלע זיין צוזאמען, צוזא...



זיינען אדורך עטלעכע טעג און נעכט, און מירעלע האט פארלוירן דעם חשבון פון דער צייט. געדענקט שוין נישט, ווען זי איז פון דער היים אוועק־געפירט געווארן, וויפיל טעג זי ליגט שוין אין דעם שאנק. זי טראכט נישט מער, צי דער טאטעשי ליגט נאך אין זיין באהאלטעניש, און צי ער איז דארט הונגעריק; אויך נישט וואו ס׳איז אהינגעקומען דער אלטער זיידעשי. זי טראכט אויך נישט וואס טוט איצט איינע אליין די מאמעשי אין געטא.

די טעג שווימען אוועק אין חלומות. זי גייט ארום מיט דער מאמעשי איבערן וואלד, הערט מעשיות וועגן פייגל, אלטע ביימער. זי זעט קלאר די מאמעשי אין העלן, געבלימלטן קלייד, הערט איר קול.

און אזוי כסדר וועקן זיך אויף אין זכרון וואס אמאל אנדערע בילדער: אט זעט זי זיך אויפן שול־הויף ארומלויפן מיט אלע קינדער צוזאמען. די דערמאנונג פון דער שול רייסט איר ארויס פון דער פארחלומטקייט.

— וואס וועט זיין איצטער, ווען מען לערנט שוין נישט מער? — טראכט זי מיט א פארקלעמט הערצל.

— וואו זיינען אלע קינדער און די לערערקעס? ס׳דערוועקט זיך אין איר א רחמנות אויף זיי אלע, וואס זיינען ערגעץ פארשוואונדן, ווי זיי וואלטן קיינמאל נישט געווען.

אוי האט מירעלע ליב געהאט איר שול! יעדן טאג איז זי געגאנגען פרי אנגעטאן אין א פרישן ווייסן קראגעלע, אנגעגייט אויפן שווארצן שערצל. די צעפ פארפלאכטן מיט ווייסע, זיידענע שלייפן. ווי גוט ס׳איז געווען אלץ צו דערציילן פון דער שול אין דער היים!

די קליידער, וואס הענגען ארום איר, ארן זי נישט מער. זי זיצט איינ־געקוקט אין די שפארונעס צווישן די ברעטלעך פון דעם שאנק. טראכט, אז דארט וואו ס׳איז ליכטיק, דארט איז א לעבן. זי זעט נישט קיינעם, נאר זיצנדיק איינגעקוקט אין פאסיקל ליכט דערמאנט זי זיך די גאסן פון דער שטאט. אויך איצטער גייען דארט ארום מענטשן, אזוי אייגן ווי זי איז מיטן טאטעשי ארומ־געגאנגען. זי פילט איצטער זיין האנט, ווי ער האלט זי. איז איר גוט צו גיין מיט אים צוזאמען, פילן זיין נאענטקייט נעבן זיך.

מירעלע ציט אויס דאס הענטל צום טעלער מיטן עסן און נעמט פאמעלעך קייען א שטיקל ברויט: — די מאמעשי האט געהייסן זיין שטארק רעדט אין

איר אַן אינערלעך קול. נאָר דאָס שטיקל ברויט פּאַלט באַלד אַרויס פון דער האַנט. זי שלאָפט איין. ביי נאַכט וועקט זי זיך אויף אין בעט און פרעגט א פאַרוואונדערטע:

— ווי אַזוי בין איך דאָ אַריין? נאָר וואָס בין איך דאָך געווען אין דעם שאַנק?

ביים בעט שטייט די וואַרקאָווא און זוכט, זוכט... מירעלע הערט אין שלאָף איר אויסגעשריי:

— וואָס סאַרא ביכעלע איז דאָ איינגענייט געוואָרן? וואָס איז דאָ פאַר־שריבן? וואָס סאַרא נעמען? אַדרעסן? אַן אומגליק וועסטו אונדז ברענגען; שוין זאָלסטו אויסדערציילן אַלץ! אַלץ!

מירעלע וויל זיך אויסבאַהאַלטן אין די גרויסע הענט פון טאַטעשי, אינעם בעט פון דער מאַמעשי, אָבער דאָס ווייב פון פּאָליציאַנט שרייט, וואָס אַמאָל העכער, שטייענדיק האַרט נעבן איר ביים בעטל. שטאַמלט מירעלע ציטערדיק:

— אין דעם ביכעלע זיינען די נעמען פון אונדזערע באַקאַנטע, די גוטע פריינד אין דער שטאָט... זיי האָבן אויסבאַהאַלטן אונדזערע זאַכן...

— גוטע פריינד! — נעמט לאַכן די וואַרקאָווא גאַליק... — דיך האָבן זיי נישט געוואָלט אויסבאַהאַלטן, נאָר די זאַכן; די גוטע באַקאַנטע פון דער שטאָט! נאָר גענוג... שלאָף איצטער, רעדט שוין רואיקער די וואַרקאָווא און גייט אַרויס פון די שטוב.

קאָן שוין מירעלע מער נישט איינשלאָפן. דעם גאַנצן טאָג האָט זי געוואַרט אויף דער שעה ווען זי וועט זיך קאָנען לייגן אין בעטל. אויסציִען באַקוועם די פיס. אפשר וועט די שלאָפקייט אַדורך. זי ווייס, אַז ס׳קעפּל גליט אַזוי ביי איר, ווייל ס׳איז נישטאָ קיין לופט אין דעם שאַנק און פון אַלע זאַכן טראָגט זיך א ריח פון נאַפטאַלין. און ווייל די קינדער פון פּאָליציאַנט לויפן אַרום א גאַנצן טאָג איבער די צימערן, יאָגן זיך און לאַכן... איצט קאָן שוין אָבער מירעלע קיין אויג נישט צומאַכן. פאַרגעסן פון אַלעמען און חלומען פון דער היים.

אין דער פינצטער ווערט די שווערלייביקע וואַרקאָווא וואָס אַמאָל גרעסער און גרעבער. מיט א פאַרחלשט הערצל טראַכט מירעלע אין פּחד:

— וואס וועט איצטער ווערן... וואס וועט די ווארקאווא טאן מיטן ביכעלע?



ווען דאס ווייב פון פאליציאנט האט זי צומארגנס אויפגעוועקט איז שוין לאנג געווען טאג.

— שטיי אויף... מען דארף זיך שוין אנטאן — האט זי די ווארקאווא געצויגן פארן הענטל. זי האט פון איר פעקל מלבושים ארויסגענומען ריינע וועש, א קליידל, און האט ארומגעבונדן איר די צעפ ארום קאפ. א ווײַלע זיך איינגעקוקט אין איר געלן פנים און א צעטומלטע גענומען רעדן:

— אנו, קום אפעסן... גיב זיך א ריר! לעבעדיקער! מירן גיין אין שטאט...
— ווען די קינדער וועלן קומען וועל איך זיי זאגן, אז דו ביסט נאר וואס פון דארף געקומען... דו, מאריסיע, רעד נאר נישט צו פיל. איך וועל זיי שוין זאגן, אז די מומע וואנדע איז קראנק. צוזאמען מיט אלע וועסטו עסןביים טיש; עסן זאלסטו א סך ווי זיי אלע... נישט ווי ביי די יידן, צו ביסעלעך...

פארשטייט נישט מירעלע די רייד. וואס וויל דאס ווייב פון פאליציאנט? נאך וואס פלוצלינג גיין אין שטאט? אין געטא איז מירעלע קיינמאל נישט ארויס אָן דער געלער לאטע. האט זי איצט מורא צו גיין אָן א לאטע און ווייסט, אז אין שטאט גייען דאך אלע אָן לאטעס! האט זי א פחד פאר דער שטאט. פאר די פרעמדע מענטשן אויף די גאסן. זי ווייסט, אז איצט איז שוין די שטאט נישט די זעלבע, ווי דעמאלט, איידער זיי זיינען אין געטא געגאנגען. עסט זי פאמעלעך דאס ברויט מיט מארמעלאד, טרינקט די פארווייסטע, זיסע קאווע, און טראכט מיט אומרו וועגן די קינדער.

— ווי וועלן זיי צו מיר רעדן? וואס וועלן זיי פרעגן? צי וועלן זיי עפעס פארשטיין? די ווארקאווא שטייט שוין נעבן איר אין וואלענעם טוך מיט א קויבערל אין האנט און אײַלט:

— קום גיכער, מאַריסיע, מיר וועלן גיין...
כאפט מירעלע א בליק אויף דער שטוב. זי קאָן זיך נישט דערמאנען, צי זי איז דא אמאל געווען. זי זעט דריי גרויסע בעטן, א שאנק. ביים טיש א סך בענקלעך. אויף די ווענט הייליקע בילדער — גרויסע ליכטיקע אין גאלדענע שווערע ראמען.

דורך דער אָפּענער טיר זעט זי א צווייטן, גרויסן צימער. מיט א העלן בופעט און ברייטן טעפּיך אויף דער ערד.

— מסתמא א סאַלאָן — גיט מירעלע א טראַכט... און גייט נאָך געהאָרכזאַם מיט דער וואַרקאָווא איבערן לאַנגן קאָרידאָר... הערט ווי זי פאַרשליסט די טיר.

אויף די טרעפּ דערלאַנגט זי איר קויבערל שווייגנדיק. ערשט אויף דער גאַס נעמט זי רעדן שטיל, פאַרזיכטיק:

— דו גיי גלייך און קוק זיך נישט אום. ס'טיכל רוק אַראָפּ אויפן פּנים, אַט אַזוי, א גוט מיידעלע ביסטו! גיב מיר די האַנט. אַט אַזוי!

די וואַרקאָווא רעדט אָן אויפהער, שפּאַנט פון איין געסל אין צווייטן און מירעלע נעבן איר מיטן קויבערל אין דער האַנט. און אַט גייען זיי איבער דער ברייטער גאַס. מירעלע ווייסט, אַז דאָס איז די שטאָט, וואו זי האָט יאָרן לאַנג געוואוינט. נאָר איצטער איז איר דאָ אַלץ פרעמד. די אויפשריפטן אויף די גאַסן דייטשע, אַרום הערט זיך נאָר דייטש און דייטש. גאָר אַנדערע פּנימער. אַלץ אַנדערש ווי אַמאָל. נאָר דער הימל איז אַזוי קלאָר, ווי אין איר חלום, וואונדערט זיך מירעלע אין האַרצן:

— ווי אַזוי געשעעט דאָס, אַז איך גיי איבער א גאַס מיט מענטשן צוזאַמען? אין דער שטאָט! קיין יידן זיינען דאָך דאָ שוין נישטאָ מער!... זי קאָן אָבער לאַנג נישט ציען דעם פאָדעם פון די געדאַנקען.

פּלוצלינג שטעלט זיך אָפּ די וואַרקאָווא ביי א טויער און נעמט גיך אַריינרעדן אין איר:

— דאָ וועסטו אַרויפגיין... אויפן ערשטן שטאָק... גיב א קלונג אין טיר און זאָג: — די מאַמעשי האָט מיך געשיקט נאָך דעם זילבערוואַרג... נאָכן זייגערל... און געשוויגן זאָל ווערן, פאַרשטאַנען?!

שפּאַנט מירעלע ציטערדיק מיטן קויבערל איבער די טרעפּ. זי דערקענט דאָס הויז. נישט לאַנג צוריק איז זי דאָ געווען מיטן טאַטעשי, געזעגענען זיך. גיט זי קוים אַ קלונג און שוין מאַכט זיך אויף די טיר. די אַלטע פרוי מילאַווסקי קוקט זי אָן א דערשטוינטע און פרעגט מיט א פאַרצווייפלטע שטים:

— וואָס טוסטו דאָ, מיין קינד? איינע אַליין? וואָס ווילסטו?

— די מאמעשי האט מיך געשיקט נאכן זייגערל... נאכן זילבער — שטאמלט מירעלע, און פון אירע אויגן נעמען רינען גרויסע, שווערע טרערן.

— שוין, שוין... ענטפערט א פארלוירענע די אלטיטשקע, די מאמעשי דארף מסתמא געלט!? ווארט א רגע...

גלייך קומט זי צוריק מיט א פעקעלע אין א האנטוך ארומגעוויקלט און דערלאנגט עס איילִיק:

— דאס איז עס... גיי פארזיכטיק... דערצייל קיינעם גארנישט! און שוין האָט זיך די טיר פארקלאפט. די פרוי מילאווסקי איז פארשוואונדן, ווי דאס פנימל פון קינד וואלט אויף איר אַן אימה אנגעווארפן.

גייט איר אנטקעגן די ווארקאווא אויף די טרעפ מיט א שמייכל אויפן ברייטן רונדיקן פנים. נעמט גיך דאס קויבערל און באהאלט עס אונטערן טוך.

— קום, מאריסיע, קום ווייטער, רעדט זי א צעשטראלטע. באלד וועלן מיר אהיימגיין. פון היינט אָן וועסטו שוין שפילן מיט די קינדער צוזאמען. ארומלויפן מיט זיי. מען דארף נאך ערגעץ צוגיין. אט, אט, נישט ווייט.

מירעלע הערט שוין גארנישט. די ווערטער בלייבן הענגען אין דער לופט, עס פארהילט זיי דאס פייפן פון צענדליקער אויטאס, דער טומל פון דער גאס. דאס הערצל קלאפט שטארק און זי קאן שוין מער דעם אטעם נישט כאפן.

— וואס וועט איצטער זאגן די מאמעשי? — טראכט מירעלע. און די גוטע פרוי מילאווסקי? אפשר האט זי די מאמעשי געבארגט געלט? אדער גאר פארקויפט דאס זילבערווארג?

— דאָ וואוינט אייער באקאנטע, די פרוי זאוואדזקי... רעדט מיט א בייזן־גלאנץ אין די אויגן די וואָרקאווא. גיי רואיק ארויף אויף דעם דריטן שטאק. זאג זיי:

— די מאמעשי האט מיך געשיקט נאך דעם זילבערנעם פוקס... איך ווארט דא אין טויער... אויף דעם הייף, האט זי גערעדט ווי א צעמישטע פון אויפרעגונג און איילעניש. ארומקוקנדיק זיך אין אלע זייטן, צי קיינער קומט נישט.

ווערט מירעלעס פנים נאך קלענער ווי איינגעשרומפן פון פחד.

— וואָס מיינט זי זיך די וואַרקאַווע? וואָס וויל זי טאָן מיטן ביכעלע? מיט אַלע אַדרעסן און נעמען?

ווי אויף אַ הויכן באַרג קלעטערט מירעלע אויף די טרעפּ און קאָן קוים אַרויף. גיט אַ שוואַכן שטילן קלאַפּ אין טיר, ווי פון אירע הענט וואָלט די קראַפט אויסגערונען.

— די מאַמעשי האָט געבעטן דעם זילבערנעם פוקס... וואַרפט זי אַרויס פון זיך אין אָטעם, ווי נאָר די טיר האָט זיך געעפנט.

— וואָס?! שרייט אויס אַ מאַן און פאַרקלאַפּט האַסטיק די טיר, ווי צו אַנטלויפן פאַר אַן אומגליק.

בלייבט מירעלע שטיין אומבאַהאָלפן און ווייסט נישט וואָס מיט זיך צו טאָן. נאָך עטלעכע רגעס מאַכט זיך ווידער אויף די טיר און אַ פרוי דערלאַנגט אַ ווייס קישעלע. קוקט זיך פאַרזיכטיק אַרום אין אַלע זייטן און נעמט מונטערן מירעלען:

— טראָג עס אַהיים... גיב עס אָפּ דער מאַמעשי... נו, גיי גיי... חזרט זי איבער, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז דאָס בלייכע, אויסגעדאַרטע מיידעלע מיט די אויסגעגלאָצטע אויגן וועט אַנידערפאַלן מיטן „קישעלע" ביי דער טיר.

ווי פון אַ הויכן לייטער גייט אַראָפּ מירעלע פון די טרעפּ און די שטאַפּ־לען פליען, רוקן זיך פאַר אירע אויגן, אָט, אָט וועט זי אַראָפּקייקלען זיך ווי אַ באַלעם. אַ רגע בלייבט זי שטיין און גלייך נעמט זי לויפן פון די טרעפּ. זי ווייסט דאָך: — מען טאָר נישט גיין אַליין אין אַ לאַטע!

קומט איר אַנטקעגן די וואַרקאַווע. נעמט גיך דאָס קישעלע פון אירע הענט. לייגט עס אַריין אינעם קויבערל אונטערן ברייטן טוך.

— קום, קום אַהיים — נעמט זי איילן אַ צעטומלטע. — ווען אימיצער פאַרהאַלט אונדז, נעמט אויספרעגן, שווייג! שווייג...

ווידער ציען זיי איבער גאַסן און געסלעך. נאָר מירעלען ווייזט זיך אויס, אַז דער וועג איז אַן אַנדערער ווי פריער. אַז זי גייט אין אַן אַנדער ריכטונג...

די וואַרקאַווע, אַ שווייגנדיקע, שטעלט פעסטע, מענערישע טריט. מירעלע מיט די לעצטע כוחות לויפט איר נאָך. וואונדערט זיך, וואָס אַרום איז אַזוי ליידיק, אַזוי שטיל. נאָר פון דער־ווייטנס זעט זי דייטשן. אַ סך דייטשן.

זי ווייסט נישט, אז ביי דער קרייצונג פון וועג, געפינט זיך דאס הויז פון געסטאפא, וואס ווארפט אַן אימה אויף דער גאנצער געגנט. חזרט זי איבער אין זיך:

— אזויפיל, אזויפיל דייטשן...

— מיד ביסטו שוין, מאריסיע, נעמט רעדן די וואקאווא מיט א ווייכער, ציטערדיקער שטים. אין אירע אויגן פינקלט א בייזער, שלעכטער בליק. די באקן רויטע, צעפלאמטע, גאר נישט די זעלבע.

— ווארט דאָ אביסל... אט אין דעם טויער... איך דארף נאך וואס קויפן, באלד... באלד... קום איך צוריק — פלאנטערט זי זיך מיט די רייד. מיטאמאל לאזט זי אפ דאס הענטל פון מירעלען, וואס זי האט די גאנצע צייט געהאלטן, און גייט אוועק מיט גיכע טריט פארשווינדט אין געסל.

# תליות אויפן באלוט

וויגן זיך דריי געהאנגענע יידן אויף א תליה.

היט זיי א „פּאָסטן" מיט אן אויסגעשטרעקטער שפּיז. גייט אראפּ און ארויף, ווי ער וואלט מורא געהאט, אז די מתים וועלן זיך אראפּרייסן פון דער שטריק און אנטלויפן. דער באלוטער מארק איז נאך געווען פארהילט אין טיפן שלאף, ווען די דריי יידן זענען געבראכט געווארן צו תליה. דער ערשטער האט זיי דערזען אייזיק דער קצב, וואס איז מיט א געשאכטן קעלבל געקומען פון דער־נעבנדיקן דערפל. זיינע פיס האבן א ציטער געטאן, ווען ער האט דערזען די דריי מתים אין דער לופט, פאר די אויגן צעשפּרייט א פינצטערניש. קוים איז ער צו צו א טויער, אוועקגעזעצט זיך אויף א טרעפּל און שווער אטעמדיק געסאפּעט.

— וויי, וויי צו אונז... דריי יידן געהאנגען! פארוואס? פארוואס?

אייזיק, דער גיבור צווישן די קצבים, וואס א הייב טאן אין שעכטהויז די גרעסטע בהמה איז געווען א נארישקייט, האט זיך נישט געקענט רירן פון ארט, דאס זעקל מיטן געשאכטענעם קעלבל שווער געווארן ווי א בארג, צוגעדריקט, נישט געלאזט כאפּן דעם אטעם. א האלב־טויטער, מיט אויסגעזעצטע אויגן און אן אש־גרויען פּנים איז ער אריין אין דער שטוב, אנמעכטיק אנידערגעפאלן אויפן בענקל, שווער אויסגעקרעכצט:

— שלעכט, ברכה... מען האט אין מיטן מארק דריי יידן געהאנגען...

איז אויף איר לארם און געוויין אנגעקומען א שטוב יידן, נישט געגלויבט אין אזא אכזריות, אליין ארויס אויפן מארק.

וואקסט ביי דער תליה א המון, ווערט וואס אמאל גרעסער, שטייט ווי א שטומע לוויה, ווי אן אייביקער עדות פאר הימל און ערד. א שטילער געברום טראגט זיך אין דער לופט, ווי אן אנזאג פון באצאלונג, פון נקמה. פאר שרעק זענען די אויגן שטאר און טרוקן, די ליפּן פארשלאסן, פארצויגן, פארקרימט. קלאפּן אלע הערצער פארציטערט: וואס וועט איצטער ווערן? גאט, וואס מיינען זיי

מיט אונדז צו טאן? און דאס דייטשל ביי דער תליה שפאצירט זיך אראפ און ארויף. זיין פנים איז בלוי, ווי דאס בלוט וואלט זיך געזעצט און פארגליווערט געווארן. די אויגן וואסערדיק, ערגעץ טיף פארזונקען. ער שוויגט, נאר זיינע ליפן שמייכלען אומהיימליך תליניש, ווי אנגעזאגט, אז אלע וועלן אזוי הענגען, אלע!

רוקט זיך אויף ליימיקע פיס אייזיק דער קצב אהיים. הענגען פאר זיינע אויגן שווארצע, געדיכטע וואלקנס רויך פון די פארברענטע שולן. ער הייבט אויף זיינע אויגן צום הימל, וואס איז זומערדיק בלוי, ווי אלע יאר, ווי ער וואלט פון דארט געווארט אויף דער גערעכטיקייט, וואס מוז קומען. קיין פרומער ייד איז אייזיק נישט געווען, נאר צוליב דער יאטקע איז ער געגאנגען אין שול. איצט אבער, אין די רויכן, וואס טראגן זיך פון אלע שולן פון דער שטאט, זעט ער א מוראדיקן סימן פון הימל. פאר זיינע אויגן פארשפרייט זיך אזא פינצטערניש, אז ער קאן קוים דורך איר אדורגשלייכן צוריק א היים.

קומט ער צוריק, באגעגנען אים די ווייבער פון הויז פארוויינטע מיט רויטע, געשוואלענע אויגן, ווי נישט טרערן, נאר בלוט וואלט פון זיי גערונען. אלע קלאגן, שרייען צוזאמען:

— וואו זאלן מיר גיין מיט די קינדער? אזא ביטערע גזרה... אין צוויי שעה פארלאזן דאס גאנצע הויז... וואס זאלן מיר טון? די דייטשן איז דאס הויז מיט דער נארוואס אויסגעמאלטער שולגעביידע געפעלן געווארן פאר א קאזארמע. באפוילן אלע יידן זאפארט זיך אפטראגן!

קומט אָן איין וואגן שטרוי נאכן צווייטן, לייגן עס אויס די זעלנער אויף די דילן פון די קלאסן. כאפן די מיידלעך פון הויף צו פוצן די פענצטער, די טירן. דער גאנצער הויף ווערט פארווארפן מיט שטרוי. קלינגט אין ארום א רוי זעלנעריש געלעכטער אויסגעמישט מיט זידל אויסגעשרייען.

פאקט שוין יעדער איין זיין ביסל גרעט, כאפן די ווייבער ס׳בעטגעוואנט, טראגן אוועק צו זייערע באקאנטע. וועגן א נייער דירה איז נישטא וואס צו טראכטן. יעדן טאג קומען אָן טויזנטער יידן פון דער שטאט. אפילו א פריי קעמערל איז נישט צו געפונען. פאר גרויס שרעק האבן זיי מורא צו וויינען, כאפן די קינדער אויף די הענט און אנטלויפן, ווי פון א שריפה.

נאר פלוצים, וואס איז דאס געשען? וואס טראגן די זעלנער דאס שטרוי צוריק אויפן וואגן? וואס שעלטן די דייטשן און שפייען מיט עקל?

— בעסטער הער, — רעדט די הויז־וועכטערן מיט הארץ און לייגט ארויף אירע הענט אויף דער ברייטער ברוסט. דאס גאנצע הויז האבן זיי פארמיסטיקט, אלע ווענט זענען באשאטן מיט אומריינס, מיט... וואנצן! זיי פליען דא ארום אין הארעוועׂ איך פאר זיי, פאר די „יודעס״, אלע כוחות גיב איך אוועק דאס הויז דער לופט! און די שטשורעס? זענען גרויס ווי... ווי די פערד! ווייניק יארן זאל זיין אין ארדנונג! נאר עס העלפט נישט... בעסטער הער... איך קאן דא גארנישט ביי זיי דערגרונטעווען!

שפייט נאכאמאל דער אפיציר: דאס הויז איז מיר באלד נישט געפעלן געווארן! א שאד נאר אזא שול־געביידע... וועק מיטן שטרוי! — באפעלט ער די זעלנער און טראגט זיך אפ אנזאגנדיק:

— מיר וועלן זיי אויסרייסן מיטן ווארצל! קרעציקע יודן... די גאנצע וועלט האבן זיי פארפעסטעט!

פאלן די מאמעס צו צו דער הויז־וועכטערן, נעמען ארום, ווילן קושן. פאר גרויס שטוינונג קאנען קיין ווארט נישט אויסרעדן.

— איר האט אונז געראטעוועט, נישט אנדערש ווי... גאטס שליח... ווי זאלן מיר אייך דאנקען?

— איך וועל פאר זיי נישט קערן... פאר די „שוואבעס״! — ענטפערט מיט נצחון וואנדע און ווישט מיט דער שערץ דאס פנים, וואס מיטאמאל האבן אנגסטן באגאסן.

פיינט האט זי זיי, מיט דער טיפסטער שנאה, די דייטשן אין די שימל־גרינע מונדירן מיט די רויטע אויסגעפרעסענע קארקן. די שטאט זענען זיי באפאלן ווי א היישעריק און צעראבעווען אלץ, אלץ! און וואס טוען זיי אָפּ מיט די יידן, די באנדיטן, ווי האבן זיי פאר גאט נישט קיין מורא?

לויפן ארום די פרויען צוזאמענעמען מתנות פאר וואנדען, איר קליין ציכטיק צימערל פילן אן מיט פארשידענע זאכן. ליגן אויפן טישל נייע האנטיכער, א וואלן טוך, א פאר שיך פארן זון, יעדער טראגט צו עפעס פון זיינע בעסטע זאכן און שטאמלט נישט דרייסט:

— אזא נס... אזא נס!

שטייט אייזיקביים זעקל מיטן געשאכטענעם קעלבל און שלאגט זיך מיט דער דעה:

— אפשר צעטיילן עס פארן הויף, מאכן א שמחה פאר יידן?

גאר נישט צו פרייד גייען די נייע טעג. יעדע שעה זאגט אן א נייע גזרה. וואקסן אויס ארום דעם געטא ווארנונגס־מעלדונגען פאר די דייטשן:

„אכטונג, אנטלויפט פון קראנקהייטן"!

און פאר די יידן גרויסע פלאקאטן אויף אלע מויערן:

„ווער ס'וועט ארויס פון יידן־שטח — ווערט באשטראפט מיט טויט!"

„ווער ס'וועט קומען אין קאנטאקט מיט אריער — ווערט באשטראפט מיט טויט!"

„ווער ס'וועט ארויס אויף דער גאס אָן דעם יידן צייכן — ווערט באשטראפט מיט טויט!"

...טויט! טויט! טויט!

קלאפן פארחלשט אלע הערצער:

— איז שוין נאך אלעמען? אונזער סוף?

ענטפערט דאס יידישע בלוט פול מיט דורותדיקער שרעק:

— עס הייבט זיך ערשט אן! עס הייבט זיך ערשט אן...

# חברים

פון דעם טאג, וואס אריה האט געפונען א חבר איז אין אים אריינגעטרעטן א נײַ לעבן, איז די גאנצע וועלט פרייליכער געווארן. זייט א יאר איז ער אין יתומים־הויז און האט אלץ נישט געקענט צוגעוווינען זיך צו דער נייער היים.

זיין טאטעשי איז לאנג געווען קראנק. די מאמעשי האט אלץ געטאן, כדי אים צו ראטעווען. די בעסטע זאכן פון דער ווינונג אויספארקויפט צו באזארגן דאקטוירים און רפואות. דאס אלץ אבער האט נישט געהאלפן.

דערנאך ווי זיין טאטעשי איז געשטארבן איז שוין אין דער שטוב קיין פרוטה נישט געווען. האט אים די מאמעשי אוועקגעפירט אין יתומים־הויז און אליין געגאנגען זוכן ארבעט.

ערשט ווען אריה האט זיך געפונען צום ערשטן מאל אין יתומים־הויז, צווישן די פרעמדע קינדער און דערציערס, געלייגט זיך שלאפן אין צוגעטיילטן בעטל האט ער פארשטאנען, וואס סארא גליק עס איז צו זיין אין אן אייגענער היים. לעבן מיט דער משפחה.

נאך עטלעכע חדשים איז אויסגעבראכן די מלחמה. דאס דייטשע מיליטער האט פארכאפט פוילן און אלע יידן פארטריבן אין א באזונדערן קווארטאל, אין א געטא.

איז דער נײַן־יעריקער אריה צוזאמען מיט אלע קינדער און לערערס אריבערגעגאנגען אין א צווייטן יתומים־הויז, הינטער דער שטאט אויף דעם שטח, וועלכן עס האבן פארלאזן די פוילישע ארבעטער.

אלע קינדער האבן אנגעטאן געלע לאטעס אויף דער פלייצע און אויף דער ברוסט. געוווסט, אז די דייטשע זעלנער שיסן צו יעדן, וואס וויל ארויס פון דער געטא צוים.

איז אריה נאך טרויעריקער געווארן. זיינע בלויע אויגן, בלאסער. דאס פנימל לאנג און דאר. זיין גופל האט זיך אויסגעצויגן אין דער הויך ווי א געוויקס, וואס רייסט זיך צו דער זון. און די דינע פיס האבן קוים געקאנט דעם קערפער טראגן.

גאנצע טעג איז ער ארומגעגאנגען א פארזארגטער, ווי וועט די מאמעשי א נייע דירה געפינען? פון וואנען וועט זי האבן אויף צו לעבן? אין יתומים־הויז אין געטא איז די מאמעשי געקומען נאר איינמאל אין וואך. זי האט ווי אלע מאל געברענגט אים א גוטע זאך צו נאשן. ארומגעגאנגען מיט אים איבער דעם ברייטן פעלד, אדער אוועקגעזעצט זיך מיט אים שמועסן אויף דער באנק, געטולעט אים צו זיך, געהאלדזט. ער זאל מיט איר ליבשאפט דערמוטיקט און פריילעכער ווערן. יעדעס מאלביים קומען זעענדיק זיין פארטרויערט פנימל, האט זי א פארצווייפלטע פארזיכערט:

— אריה'לע, זאל זיך נאר ענדיקן די מלחמה, וועסטו זיין שטענדיק צוזאמען מיט מיר אין דער היים!

די מלחמה ענדיקט זיך אבער נישט און אריה בענקט צו זיין היים, צום אמאליקן לעבן. ער ווייסט, אז אלץ איז שוין פארלוירן, האט ער נאר איין ווונטש: זיין מיט דער מאמעשי צוזאמען אין דער היים, אין געטא.

ער לערנט זיך שרייבן און לייענען. האט ליב צו צייכענען. דווקא האט ער ליב צו צייכענען מענער־פיגורן. ביי יעדער אנגעצייכנטער פיגור טראכט ער:

— דאס איז געווען מיין טאטעשי!

לאנג פלעגט ער זיצן איינגעקוקט אין אזא בילד און שווייגן.

אלע מאל גייט ער זייטיק. איז תמיד שטיל און זויבער. צו די קינדער שפילערייען האט אים קיינמאל נישט געצויגן.

ביז אין איינעם א טאג איז אין יתומים־הויז געקומען א נײַ קינד. מאטעלע איז געווען זיין נאמען. ער איז געווען קלענער פון אלע קינדער אין דער שטוב.

פון דעם ווינקל, וווּ ער איז געשלאפן האט מען אים קוים ארויסגעזען. מאטעלע איז געווען דארער און מער אויסגעהונגערט פון אלע קינדער. כאטש די דערציערין האט אים געגעבן א גרעסער טעלערל זופ, מאנכעסמאל צוגעטיילט א ריבל אדער א רעטעכל — האט ער דאך נישט געקאנט זיך זעטיקן.

זיינע גרויסע ביר אויגן האבן אלע מאל ערגעצווו ארומגעזוכט א ביסן צו געפינען.

פאר דעם שוואכן, קליינעם מאטעלע האבן באלד די קינדער פארשידענע חוזק־נעמען צוגעטראכט. ביינאכט באהאלטן אים א שוך. אדער פארווארפן זיינע זאכן און מיט א באהאלטענעם געלעכטער זיך צוגעקוקט פון דער ווייטנס, ווי ער זוכט, זוכט און קאן זיי נישט געפינען.

אריה האט גלייך מאטעלען ליב באקומען. זיין אומבאהאלפנקייט האט אין אים דערוועקט א רחמנות־געפיל. ער האט אנגעהויבן מאטעלען נאכגיין ווי אויף צו באשיצן פאר די צעלאזענע יינגלעך, וואס פלעגן אים תמיד פארטשעפען.

לאנגזאם אנגעהויבן צו אים רעדן, שפילן זיך, ביז מאטעלע איז צו אריהן מיטן גאנצן הארץ צוגעפאלן ווי צו אן אייגענעם ברודער.



אין יתומים־הויז איז שוין לאנג געווארן נאכט. די קראנקן־שוועסטער ליזא האט פערענדיקט איר שפעט־פארנאכטיקן שפאציר איבער אלע קינדער־שטובן. איינעם געגעבן א פיל קעגן צאן־ווייטיק. אן אנדער קינד, וואס האט דאס קישן מיטן דעק אראפגעווארפן — צוגעדעקט. פארהאנגען די פענצטער, ארייגעקוקט אין אלע ווינקעלעך און א צופרידענע, אז אלץ איז אין ארדנונג — אוועק צו זיך אין צימער.

מאטעלע איז געלעגן אונטערן דעק און שטיל געקרעכצט. ער האט מורא געהאט צו רופן די שוועסטער. גלייך וועט זי נעמען אויספרעגן: — ווי אזוי איז דאס געשען, אז דו האסט אזא ווייטיק אין מאגן ? וואס אזעלכעס האסטו געגעסן ? פארוואס האסטו נישט אָנגעפרעגט, צי מען קאָן עסן קאשטאנעס ?

ווי נאר אבער די שוועסטער ליזא איז אוועק האט ער מער נישט געקאנט זיך באהערשן און הויך גענומען וויינען. זיין פארצווייפלט קרעכצן איז וואס אמאל העכער געווארן.

אין דער שטוב זענען אלע קינדער געשלאפן מיד פון ארומיאגן א גאנצן טאג. פון לערנען און ארבעטן. קיינער האט זיין דערשטיקט געוויין נישט דערהערט.

נאר איין אריה האט זיין שטים אין שלאף דערקענט. אוועקגעזעצט זיך אויפן בעטל. א רגע איינגעהערט אין דער שטילקייט און גלייך באשטעטיקט:

— עפעס איז מיט מאטעלען געשען!

גלייך אראפגעגאנגען פון בעט, אנגעטאן די שיך אויף די בארוועסע פיס א דערשראקענער צו צו זיין בעטל און הערנדיק זיין שלוכצן גענומען אויספרעגן:

— וואס איז מיט דיר מאטעלע... וואס טוט דיר וויי?

— אוי... אוי... מאמעשי מיינע... איך האב געגעסן קאשטאנעס. עס דריקט מיך איצט... א דא...

— קאשטאנעס?! האט אומגלויביק אריה אויסגעפרעגט און ארויסגערופן:

— מאטעלע, דאס איז דאך סם... מ׳טאר נישט עסן זיי!

אריה האט לאנג געטראכט. מיט דער זיכערקייט פון א דערוואקסענעם באשלאסן:

— קום!... איך וועל דיך אוועקטראגן צו דער שוועסטער!

אריה האט גענומען דעם קראנקן חבר אויף דער פלייצע און ארויס שטיל פון צימער אין דער נאכטיקער פינצטערקייט און קעלט.

שווער האט ער געסאפעט גייענדיק איבער דעם שטייניקן וועג. אבער אפילו אויף קיין רגע נישט אפגעשטעלט זיך. זיין שוואכער גוף האט זיך געבראכן פון דער לאסט. די דינע, דארע פיס האבן אבער עקשנותדיק זיך גערוקט פארויס.

ארום איז א פינצטערע נאכט. א מוראדיקע שטילקייט. דער קאלטער הארבסטיקער ווינט בלאזט אין זיין לייכטן דינעם נאכט־העמדל. עס ציטערט ביי אים יעדער אבר און ס׳קלאפט א צאן אין א צאן. איין קינדער־געביידע און א צווייטע גייט פארביי און דער וועג ציט זיך פאר אים אויס. עס דאכט זיך אים, אז מיט יעדן שפאן איז נאך ווייטער געווארן. פון דעם צוים הערט זיך אן אפקלאנג פון די טריט פון דייטשן „פּאָסטן״ וואס וואכט איבערן געטא. מיט דער ביקס אויפן ארעם שפאנט ער פארויס און צוריק. קוקט זיך ארום מיט חשדים אין אלע זייטן.

אריה ווייסט דערפון, אז ניט איינמאל האט דער „פּאָסטן״ אין דער נאכט געשאסן, צו די געוואגטע, וואס האבן געוואלט ארויס פון דער געטא. געבוג

ער זאָל נאָר דערהערן פון דער ווייטנס טריט — ער זאָל אָן־צו־טראַכטן, אַראָפּנעמען די ביקס פון דער פּלייצע.

ער שלייכט זיך אָבער ווייטער אָן אָפּרו צו דער לעצטער געביידע, וווּ עס וווינט די שוועסטער ליזאַ.

זיין פּנימל האָט באַדעקט אַ קאַלטער שווייס, זיינע פיס ברעכן זיך, קאָנען קיין טריט מער נישט שטעלן. אַן אינערלעכער קול רעדט אָבער צו אים:

„גיי... גיי ווייטער! נאָך אַ פּאָר טריט געבליבן...״

פון גרויס שרעק פאַרן „פּאָסטן״, פאַר דער פינצטערער נאַכט — האָט מאַטעלע אויפגעהערט וויינען. מיט די ענטלעך האָט ער אַרומגענומען דעם האַלדז פון זיין טייערן חבר. שווער געאָטעמט, געשלונגען די טרערן. אַ פּאָר־חלשטער איז אריה מיט מאַטעלען אויף דער פּלייצע צוגעפאַלן צו דער טיר פון דער קראַנקן־שוועסטער און גענומען רופן:

— שוועסטער ליזאַ, שוועסטער ליזאַ — מאַכט אויף!...

די דערציערין און שוועסטער פון יתומים־הויז ליידט זייט דעם אויסברוך פון דער מלחמה אויף שלאָפלאָזיקייט. לייענט זי אַזוי לאַנג ביים קליינעם נאַפט־לעמפּל, ביז אירע אויגן פאַלן צו.

מיט איין שפּרונג איז זי צו צום פענצטער. אוועקגעשאַרט די פאָרהאַנג, אַרויסגעקוקט אינעם פינצטערן דרויסן און, דערזעענדיק צוויי קינדער אין די נאַכט־העמדער, גיך אויפגעמאַכט די טיר. אַריינגעשלעפּט זיי צו זיך. אַ באַנומענע אויסגעפרעגט:

— וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט! וואָס איז מיט אייך געשען?

— מאַטעלע איז קראַנק — איז אַ דערשעפּטער אריה אַרויס מיט אַ געוויין, פאַמעלעך אַראָפּגעשטעלט זיין קלענערן חבר אויף דער ערד. מיטן געוויין האָט ער אָפשר געוואָלט פאַרשפּאָרן די שטראָף פאַר מאַטעלען? ווער קאָן עס וויסן?

מיט אַ שוואַכער שטים האָט אריה שטיל גערעדט:

— קאַשטאַנעס האָט ער געגעסן... און עס דריקט אים... מסתמא הונגעריק געווען... איז ער אַרויף... אויף... אויף...

די שוועסטער ליזא האט דעם סוף פון זיינע רייד נישט דערהערט, גלייך מאטעלען צוגעפירט צו איר בעט. גענומען פאמעלעך מאסירן זיין בויך. פון טערמאס געגעבן א ביסל ווארעם וואסער מיט א פיל. א הייס פלעשל וואסער צוגעלייגט אויף דעם מאגן. צוגעשטעלט א שיסל צום בעט. און דאס אלץ איז אזוי שנעל געטאן געווארן, אז איידער אריה האט אָפּגעסאפּעט, און באוויזן אויס־צוטרינקן די טיי האט מאטעלע אין בויך־קרעמפן ארויסגעווארפן ברוינע שטיקער פון נישט פארדייעטע קאשטאנעס.

— אט אזוי... דאס זענען זיי... גוט האט זיך דאס געענדיקט... — האט א צעטומלטע גערעדט די שוועסטער ליזא קלאפנדיק אריהן אין דער פלייצע ווי א דערוואקסענעם.

— ביסט אן אמתער חבר אריה! קיינער וואלט דאס נישט באוויזן! דו האסט געראטעוועט מאטעלען! ווער ווייסט וואס מארגן וואלט געווען...

אליין איז די שוועסטער א פרייליידיקע. האט זי ליב אלע קינדער פון יתומים־הויז ווי א מאמע. ווי זיי וואלטן אירע געווען. אנשטאט אנצושרייען זיי, ווי ביידע ייִנגלעך האבן עס זיך פארגעשטעלט, קוועלט זי גאר פון איר געלונגענער, שנעלער הילף.

זי פירט צו אריהן צום בעט און רעדט צו אים ווייך און הארציק:

— לייג זיך צו מיין קינד... באלד וועט טאגן... איך וועל שוין סיי ווי סיי נישט שלאפן היינט... עפעס האב איך היינט פארגעפילט... באמת פארגעפילט!

עס האט לאנג נישט געדויערט און אין קליינעם ציכטיקן שטיבל פון דער שוועסטער ליזא האט זיך געהערט א טיפער ריטמישער אטעם פונעם בעטל. פון אונטער דער גראָבער, וואלענער דעק האבן זיך קוים ארויסגעזען די צוויי קליינע פארדארטע פינמלעך.

די איינזאמע פרוי האט אין זיך אריינגענומען זייער מידן, שלאפנדיקן אטעם — וואס האט אריינגעבראכט לעבן און ווארעמקייט אין אירע פוסטע, קאלטע ווענט.

איינגעטוליעט איינער אין צווייטן זענען מיד געשלאפן די צוויי חברים. אריה און מאטעלע. קינדער פון געטא און הונגער.

# נאר צווייגעלעך זענען געבליבן

עס איז געווען זומער.

אין די צימערן פון יתומים־הויז, אויף מארישין[1]) איז שטיל און זויבער. די עלטערע קינדער זענען אוועק אין געטא, אין די שאפן ווו זי לערנען זיך זיין שוסטער, שניידער און טישלער.

אויף דעם גרויסן פעלד־שטח האט די לערערקע סאניע געשפילט זיך מיט די קינדער. ווי א זילבערן גלעקל קלינגט זייער געלעכטער אין ארום. די זון גלעט די קינדישע קעפלעך, און גייט נאך, ווי א גוטע מאמע זארגעוודיק זייערע טריט.

די קינדער זענען פון שטאטישן יתומים־הויז אין געטא איבערגעפירט געווארן אין מארישין און פונקט אזוי ווי אין דער שטאט, לעבן זיי אין אן אייגענער, באזונדערער וועלט.

זייער היים איז דאס יתומים־הויז, די דערציער זייערע טאטע־מאמע. די פרוי מינץ, די פארוואלטערין פון יתומים־הויז, האט נאך אלס יונגע לערערין אנגעהויבן ארבעטן אין היימען פאר ארעמע קינדער. נאכן מאנס אומקומען אין דער ערשטער וועלט־קריג, האט זי זיך איבערגעצויגן אין יתומים־הויז. די קינדער זיינען געווארן פאר איר אלץ. זיי האבן אויסגעפילט אירע טעג און נעכט.

ווען די דייטשן האבן פארנומען די שטאט לאדזש, זיינען פיל לערער פון יתומים־הויז זיך צעלאפן, ווער צו א קרוב און ווער אריבער די סאוויעטישע גרעניץ. די פרוי מינץ איז אוועק אין געטא צוזאמען מיט די קינדער. זי האט פאר זיי אויסבאהאלטן אלע גרויזאמע געשעענישן, בישט צוגעלאזט קיין אומרו, קיין שרעק צו זייערע קינדערשע הערצלעך. ווען די ערשטע שילער זענען אוועק זיך לערנער א פאך אין די רעסארטן, זענען צום ערשטן מאל אין יתומים־הויז אריינגעבראכט געווארן די נייע ווערטער פון געטא: „אקציעס״, „עוואקואציע״.

---

1) מארישין — א טייל פון לאדזשער געטא.

„רעגיסטראציע״. אלע טאג־נייעסן, וואס זיי האבן געהערט פון די דערוואקסענע. די קינדער זיינען כמעט קיין מאל פון מארישינער שטאט־טייל נישט ארויס. זיי האבן נישט געזען די צוימען, די בריקן, און נישט באנומען, וואס איז דער זין און באדייט פונעם נייעם, קיינמאל נישט געהערטן ווארט: געטא.

זיי האבן זיך די דייטשן פארגעשטעלט, ווי די גזלנים פון די מעשה׳לעך, וועגן וועלכע די לערערקעס סאניע און מאשע דערציילן. ווייטער געשפילט זיך אויפן פעלד אין פייערלעשער, פאליציאנטן, ארטיסטן און דער עיקר אין זעלנער. פון די קוסטעס האט זיך געהערט „שלומקע אולאנס״ קאמאנדע:

לינקס! רעכטס! צוזאמען! פארויס!

אויפן פעלד האבן מארשירט א גרופע יינגלעך מיט צווייגלעך אין די הענט־לעך. די „ביקסן״ האט שלומקע אליין אויסגעשניטן פון די צווייגן.

צו דריי יאר איז שלומקעס מאמע געשטארבן. דער טאטע האט אים אין יתומים־הויז געבראכט ביז די צייטן וועלן לייכטער ווערן און אזוי איז שלומקע שוין דארט פארבליבן.

דער מאמעס פנים, די היים איז אין זיין זכרון צערונען. מיט א באהאלטענעם ציטער האט שלומקה א גאנצע וואך געווארט אויף דעם פרייטיקס צונאכט; שטענ־דיק מיט דער זעלבער שרעק געטראכט:

— דער טאטע זאל נאר קומען...

שוין פון דער פרי אן האט ער אויסגעקוקט, נישט געקאנט זיך דערווארטן ביז עס וועט פינצטער ווערן. א גליקלעכער און א שטאלצער געוועזן, ווען דער טאטע האט אין זיין גרויסער האנט זיין הענטל געהאלטן און אזוי ארומגעפירט איבערן פעלד, דערציילט, ווי פאר א גרויסן, פון שאפ, פון דער ארבעט, אויס־געפרעגט זיך פון אלעמען אין יתומים־הויז.

— מען שלאגט דיך... ווען אמאל, שלומקע? — האט יעדעס מאל דער טאטע אומרואיק געפרעגט, ביי די ווערטער איז שטענדיק זיין פנים אומעטיק געווארן, די שטימע פארהאקט זיך, ווי דער געדאנק אליין וואלט אים וויי געטאן.

— האב נישט קיין מורא, דערצייל אלץ, האט דער טאטע אפטמאל איבער־געחזרט. זאג, אפשר ביזטו הונגעריק?

— קיינער שלאָגט דאָ נישט — האָט שלומקע מיט אַן ערנסט פּנימל פאַרזיכערט, ווי ער וואָלט געוואָלט דעם טאַטן באַרויִקן.

אַנומלט האָט דער לערער זלמן אויסגעריסן שלומקען אַן אויער, ווען ער האָט אויפֿן טיש אויסגעגאָסן די זופּ. דאָס אויער איז אַ גאַנצע וואָך בלוי געווען, נאָר וועגן דעם וואָלט שלומקע קיינמאָל דעם טאַטן נישט דערציילט.

ווען די ייִנגלעך, וועלכע אַרבעטן אין טישלער־רעסאָרט פּלעגן דערציילן פֿון די אַקציעס, ווי די דייטשן כאַפּן מענער אויף אַרבעט, האָט שלומקע געטראַכט:

— צו מיין טאַטן וועלן זיי נישט קומען!... אים וועלן זיי נישט נעמען...

אין איינעם אַ פֿרייטיק, ביז שפּעט פֿאַרנאַכט, איז זיין טאַטע נישט געקומען. שלומקע איז אַרויס אויף דעם וועג, אָוועקגעשטעלט זיך ווי אַ פֿאַרגליווערטער און אויסגעקוקט, אויסגעקוקט די ווייט. ער איז צוריק געגאַנגען אויף דעם פֿעלד־שטח, אַנידערגעזעצט זיך אויף דער באַנק, נישט געוואָלט אַריינגיין עסן נאַכט־מאָל, נישט געוואָלט זיך לייגן שלאָפֿן, אויסגעקוקט די פֿינצטערניש, געוואַרט, געוואַרט.

— קום שלאָפֿן — האָבן אים די קינדער געצויגן צו זיך, געוואָלט אַריינפֿירן אין הויז. דער טאַטע וועט נישט קומען... ער איז מסתמא פֿאַרשיקט...

— פֿון וואַנען ווייסטו, אַז ער וועט נישט קומען? — האָט דבורהלע זיך אָנגערופֿן מיט איר פֿאַרצויגן קעלעכל. רומקאָווסקי האָט היינט אַרויסגעגעבן אַ ראַציע... דער טאַטע איז געגאַנגען אין ריי....

— רומקאָווסקי האָט נישט געגעבן קיין ראַציע — האָבן די קינדער איבערגעשלאָגן, די ראַציע איז נאָך נישט אַרויסגעגאַנגען...

— קום פֿרעגן ביי די „סיסטערס" — האָט זיך געשפּאַרט דבורהלע, זיי ווייסן אַלץ...

די נאַכט איז שלומקע לאַנג געלעגן אונטער דער דעק, נישט געוואָלט קיינעם זען. יעדע ווײַלע געזען דעם טאַטן אַן אַנדערן. אַמאָל אַ קראַנקן, אַמאָל אויף אַ גרויסן וואָגן. פֿול געפּאַקט מיט ייִדן. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט שלומקע געהערט, ווי די לערערקע דערציילט דעם לערער זלמן:

— היינט האָט מען געפֿירט אַ פּאַרטיע...

שלומקע איז געלעגן פארציטערט אין שרעק און געטראכט:

— וואס איז דאס א פארטיע?

שפעט אין דער נאכט איז שלומקע א מידער איינגעשלאפן. צומארגנס איז ער אויפגעשטאנען שוין גאר אן אנדערער. ער האט ווי שטענדיק מיט די קינדער געשטיפט, געשפילט זיך אין כאפערלעך, נאר ווען צו עמיצן פון די קינדער איז געקומען א טאטע אדער א קרוב, איז שלומקע מיטאמאל אומעטיק געווארן. ער האט זיך אוועקגעשטעלט אין א זייט און אונטערגעכאפט יעדעס ווארט שווייגנדיק. טיף אין זיין הערצל איז געווען באהאלטן די בענקשאפט צום טאטן, צו די פארנאכטיקע שפאצירן אויף דעם פעלד, צו דעם טאטנס גרויסע, ווארעמע הענט.

די לערערקעס האבן זיך אפט געוואונדערט:

— אזא קליינער און אזוי פארביסן... ער זאל זיך דאס ווען צעוויינען...

יעדע שטוב האט געהאט א בעל־הבית — איינס פון די קינדער. קיינעם האבן די קינדער אזוי נישט געפאלגט ווי שלומקען. זיי האבן פאר אים דרך־ארץ געהאט און האבן אים אויסגעקליבן פארן בעל־הבית פון זיין שטוב. צווישן אלע קינדער האט נאר שלומקע געקאנט אזוי שיין פארבעטן דאס בעטל, די דעק אויסלייגן גלייך אויף א „קאנט", קיינער האט נישט געקענט דערציילן אזעלכע שיינע מעשהלעך, אזוי גוט אנפירן אין זעלנער און קיינער האט נישט געקענט אויסגעפינען אזעלכע גוטע ערטער ווו אויסצובאהאלטן די „ביקסן" פארן שונא. זיין אנצוגל איז שטענדיק ריין און גאנץ געווען, אלץ אין ארדנונג צוזא־מענגעלייגט. זיינע זעלנער האבן אים אויסגעוויילט פאר א קאמאנדיר, גערופן אים מיט דעם נאמען „אולאן".

דבורהלע, דאס זעקסיעריקע מיידעלע, האט זיך שטענדיק פון דער ווייטנעס צוגעקוקט ווי די יינגלעך שפילן זיך אין זעלנער, ווי זיי יאגן זיך, פאלן, הייבן זיך אויף און לויפן ווייטער. די שפיל איז איר געפעלן געווארן. זי האט זיך אויס־געזוכט א צווייגל צוגעלאפן צו שלומקן און נישט דרייסט געבעטן:

— איך וויל אויך זיין א זעלנער...

שלומקע האט דאס צווייגל צוגענומען און הארט געזאגט:

— א מיידל קאן נישט זיין קיין זעלנער!

אלע יינגלעך האבן זיך צעלאכט און דבורהלע, א פארשעמטע, איז צוריק־געגאנגען אין איר גרופּע. די זעלנער אויסגעשטעלט אין א ריי האבן מארשירט איבערן פעלד ארום דעם יתומים־הויז. ווייט האבן זיך געטראגן זייערע העבּרעאישע און יידישע לידער, וואס דער לערער זלמן האט זיי אויסגעלערנט. אמליבסטן האבן די קינדער געזונגען דאס ליד, וואס איינער פון די עלטערע שילער האט צוגעטראכט:

רומקאווסקי חיים,

גיט אונז קלאיען...

וויל, אז אלע יידן

זאלן זיין זאט, צופרידן...

דאס געטא זאל ווי א זייגער גיין!

איינס, צוויי, דריי!

שלומקע האט זיינע זעלנער אויסגעלערנט פויזן אויפן בויך, פאלן, לויפן. ארומגעפירט אזוי לאנג ביז אויף זיין פנימל האבן זיך באוויזן קליינע טראפּנס שוויס, דעמאלט האט ער באפוילן:

— איצט זאל ווערן נאכט!

אלע קינדער האבן זיך אויסגעצויגן אויפן גראז, געלעגן מיט פארמאכטע אויגן און געווארט, ביז שלומקע וועט ארויסנעמען פון זיין טאש זיין פייפל און געבן א „סיגנאל" צום קאמף.

אין איין אויגנבליק האבן זיך די קינדער אויפגעכאפּט, גענומען די צווייגלעך אין די הענטלעך און געפאכטע אזוי לאנג, ביז זיי זיינען צעבראכן געווארן. ביי וועמען עס איז געבליבן דאס צווייגל גאנץ, דער איז פון קאמף, ארויס דער זיגער. שלומקע האט אין זיינע הויזן־קעשענעס שטענדיק געהאלטן גרויסע ברוינע קאשטאנעס. ווער עס האט געווינען אין קאמף, דער האט באקומען אן אויסצייכענונג דריי קאשטאנעס. אזוי האט שלומקע געפירט זיין ארמיי.

יעדן נאכמיטאג נאך דער אפּרו שעה האבן זיך די קינדער געשפּילט אין א שול. אין א שול האבן זיי געשפּילט בסוד, קיינער פון די לערער זאל נישט זען. זיי האבן נאכגעמאכט די לערערס ווי זיי אונטערריכטן, ווי זיי

רעדן. מיט די זעלבע באוועגונגען, מיט די זעלבע פנים קנייטשן. אמבעסטן פון אלע האט כאצעק נאכגעמאכט די פארוואלטערין פון יתומים־הויז. איינגעבויגן מיט פארלייגטע הענטלעך, האט ער ווייך פאמעלעך גערעדט:

— קינדערלעך... מען טאר נישט קריכן אויף ביימער!... ווייל די ביימער לעבן... עס טוט זיי וויי... און איצט וועל איך אייך דערציילן א מעשהלע פון א ייִנגעלע, וואס האט דווקא געקלעטערט אויף ביימער...

זיי זענען געזעסן ערנסט און רואיק זיך צוגעהערט, ווי זיי וואלטן עס געהערט צום ערשטן מאל, נאר די אייגעלעך פון די פריצייטיק רייף געווארענע קינדער האבן געפינקלט, די ליפן האבן זיך פארצויגן אין א באהאלטענעם געלעכטער.

אזוי זענען אדורך צוויי יאר.

אין געטא ליצמאנשטאט (לאדזשער געטא) זענען געקומען טראנספארטן פון אלע לענדער פון אייראפע, עס זענען ארויסגעפירט געווארן טויזנטער אויף ארבעט, א טייל איז אומגעקומען פון הונגער און קראנקייטן. אין יתומים־הויז איז געווען א באזונדערע וועלט, א קינדערישע צעשפילטע, זארגלאזע וועלט.

די לערערינס האבן געקוקט אויף די אפגעבערענטע, ברוינע פנימלעך און מיט שרעק געטראכט:

— ווער ווייסט, וואס ס׳דערוואַרט די עופהלעך? איז דאס מעגלעך, אז די דייטשן זאלן די קינדער גארנישט טאן? וואס מיינען זיי דערמיט?

אין איינעם א טאג איז אויף מארישין אראפגעקומען חנה׳לעס טאטע, מ׳האט אים באפוילן קומען מיט פערד און וואגן מיט אלע בעל־עגלות גלייך...

— וואס פירן? וועמען פירן? — האט וויגדאראוויטש געפרעגט א צעטר־מלטער.

— פרעגט נישט קיין קשיות — האט אים געענטפערט מאיר פון דער ווייסער פּוואַרדיע". *) גיי נאכן קינד און קיין אויג זאל נישט זעען... א שאד א רגע צו פארלירן!

אלע פארבארגענע כוחות האבן וויגדאראוויטשן א יאג געטאן, געגעבן דעם אימפעט מיט וועלכן נאר זיינע פערד האבן זיך געקענט א ריס טאן. א פארמע־

*) דאָס זענען געווען ארבעטער, וואָס האבן צעפירט מעל איבער די קאָאפעראַטיוון און בעקערייען.

ליקטער, א שמוציקער געלאפן איבער די פעלדער פון מארישין. דער וועג איז געווארן אלץ לענגער און לענגער. קוים א לעבעדיקער אנגעקומען צום יתומים־הויז; אריין אין דער צימער פון דער פארוואלטערין און גלייך פון דער טיר אנגעהויבן:

— איך בין געקומען נאך חנהלען... דאס הייסט, זי וועט ווייטער זיין ביי אייך... איך... וועל זי נאר נעמען אויף א פאר טעג... מענטשן רעדן. איך ווייס — האט ער זיך געפלאנטערט אין די רייד — די דייטשן גרייטן זיך די קינדער ארויסצופירן...

— ארויספירן! — האט ווי אן עכא איבערגעחזרט די פרוי מינץ. איר הארץ האט א זעץ געטאן, אירע ליפן זענען ווייס געווארן. זי האט זיך אנגענומען מיט כוח און אנגעהויבן בארויקן דעם פאטער.

זי איז געווען א פרוי א ניכטערע, אלץ רואיק און זאכלעך באנומען. אליין גרוי ווי א טויב, האט די פינף־און־זעכציק־יעריקע פארוואלטערין פון יתומים־הויז צוגעגעבן מוט, געטרייסט אלע דערוואקסענע ארום. די קינדער זענען אין איר הארץ איינגעבאקן געווארן, ווי אייגענע. פאר אירע אויגן זענען צוויי דורות יתומים אויסגעוואקסן. די קליינע אונטערגעווארפענע קינדער, וואס פארשידענע אומבאקאנטע מענטשן האבן אין אירע הענט געבראכט, האט זי מיט מאמע פרייד אויפגענומען. אויסגעהאדעוועט, אין שול געשיקט, אין ווערקשטעל, צו דער חופה געפירט. אפטמאל ביינאכט הייבט זי זיך אויף פון בעט, מיטן לאנגן שלאפראק און מיטן שטעקן אין דער האנט, לאזט זי זיך איבער די קינדער שטובן. זי שטעלט זיך אפ ביי יעדן קינדער־בעטל באזונדער. באטראכט די פארשלאפענע פנימלעך, צארט און ליבלעך שארן זיך אירע פינגער איבער די צעשויבערטע קעפלעך. אירע ליפן באוועגן זיך פאמעלעך, ווי זיי וואלטן תפילה געטאן פאר די איינזאמע, פארגעסענע, פארלאזענע קינדער. אמלענגסטן פלעגט די פרוי מינץ פארהאלטן זיך ביי חנהלעס בעטל און אריינרעדן אין איר ראזע פנימל:

— האסט זיך צעפעלעך פארפלאכטן... מיט א שנירעלע פארבונדן... דו קאקעטעלע מיינע... האסט זיך ליב צו פוצן?

— ווארט, ווארט, זאל זיך נאר ענדיקן די מלחמה, וועסטו יעדן טאג האבן נייע שלייפן... ווילסטו? — האט זי אריינגערעדט אין שלאפנדיקן קינד, קוועלנדיק פאר נחת.

ווען זי האט דערהערט די ידיעה, וואס חנהלעס פאטער האט געבראכט, ווי שרעקלעך עס איז איר געווארן אויפן הארץ, האט זי אים אנגעהויבן באַרואיקן מיט א גוטמוטיקן שמייכל:

— אלץ קאנען זיי טאן... נישטא אזא געמיינהייט, וועלכע זיי זאלן זיך שעמען, נאר קינדער? צוליב וואס זאלן זיי דאס טאן? צו קיין ארבעט טויגן זיי נישט, קיין נוצן קאנען זיי נישט געבן... גלויבט מיר — האט ווייטער געצויגן די פרוי מינץ — מיר אלע זענען קראנקע מענטשן... געגוג א בלעטל זאל פאלן... מיר זאלן לויפן!...

— כ׳ווייס, כ׳ווייס — האט אומעטיק געשאקלט מיטן קאפ דער פאטער פון קינד, נאר זעט איר, פרוי מינץ, ביי מיר איז שוין גארנישט מער געבליבן דאס איז דאס לעצטע, ווי זאגט מען דאס, אן אפגעהיטענעם היט גאט אליין! גיט מיר חנהלען אויף א פאר טעג... איך וויל זי ערגעץ אויסבאהאלטן...

— ווי איר ווילט — האט די פארוואלטערין א מאך געטאן מיט דער האנט, נאר איך בעט אייך... מאכט נישט קיין פאניק! ווייניק איז ביז היינט גערעדט געוואָרן? מיר זאלן זיך מיט אלע רייד איבערנעמען, האבן מיר נישט אויף וואס צו מאטערן זיך...

אלע קינדער האבן נאכגעקוקט חנה׳לען, וועלכע איז מיטן פאטער פאַמעלעך אראפגעגאנגען פון פעלד־שטח און נייגעריק געפרעגט:

— פארוואס גייט חנה׳לע אוועק?

עס האט לאנג נישט געדויערט און אויף מארישין האבן אנגעהויבן קומען קרובים. מאמעס און באקאנטע פון יתומים, וועלכע זענען אינגאנצן געבליבן אָן עלטערן אין געטא. דער הויף איז געווארן פול מיט מענטשן, זיי האבן אנגעפילט די לופט מיט א יאמער און שרעק, פארגעסן, אז ארום שטייען אויפגעציטערטע קינדער און הויך זיך געעצהעט מיט די לערערקעס:

— ווי מיינט איר, פרייליין סאניע? וואס דארפן מיר טאן? — האט פאַרזארגט געפרעגט א דאר, פארטריקנט ווייבל. איר פנים איז געווען גרוי, די אויגן טיף אין קאפ אריין. ווי נישט ביים קלארן זינען האט זי זיך ארומגעקוקט איבער אלע פנימער און נאכאמאל איבערגעפרעגט:

— ווי מיינט איר? — גיט אן עצה...

— איך מיין — האָט זיך אָנגערופֿן אַ צווייט ווייבל, ווען מען איז גע־פֿאַלן לויפֿנדיק פֿון לאָדזש קיין וואַרשע, איך מיין, אַז די דייטשן וועלן די קינדער גאָרנישט טאָן, דאָס זענען דאָך יתומים! — האָט זי אָן אויפֿגעטרייסלטע אויסגעשריגן. וואָס הייסט עפּעס אַרויספּירן? זאָלן זיי קומען, איך וועל זיי געבן מיין בראָך מיט מיינע יסורים!

— וואָס טויגן די רייד? — האָט זיך אַריינגעמישט אַן עלטערער מאַן, די קינדער זענען אין אַ סכנה, וואָס איז דאָ לאַנג צו טראַכטן? דאָ איז מיינע אַ פּלעמעניצע, איך ווייס נישט, ווער קאָן היינט זיין אַ קלוגער, נאָר אין אַ סכנה דאַרף מען זיין צוזאַמען.

אַלע האָבן געשריען, גערעדט צוזאַמען:

— יאָ נעמען די קינדער, נישט נעמען?...

אין צימער פֿון דער פֿאַרוואַלטערין פֿון יתומים הויז האָבן זיך צוזאַמענ־גענומען די לערערס און באַטראַכט די לאַגע.

די לערערס זענען געשטאַנען פֿאַרצווייפֿלט און נישט געפֿונען קיין ווערטער.

— אויב דאָס זאָל געשען... האָט זיך אָנגערופֿן דער לערער זלמן, מוז קומען צו אַ רעוואָלוציע, וועט נישט אומזיסט זיך גיסן בלוט!

— ווייניק גיסט זיך אונדזער בלוט? ווייניק בלוט האָבן מיר געגעבן? — האָט מיט ביטערקייט געזאָגט די פֿרוי מינץ, נאָר אויב באַהאַלטן די קינדער, ווו איז דאָ אַזאַ אָרט... פֿאַר אַלע...

— און אויב די דייטשן וועלן קומען און נישט געפֿינען די קינדער, וועט זיין נאָך ערגער — האָט זיך אָנגערופֿן דער בוכאַלטער, אַ מענטש אין עלטערער, אַ טרוקענער. אין יתומים־הויז האָט ער פֿאַרנומען די ווייטסטע צימער, „דער ליאַרם זאָל אים נישט שטערן".

— לאָמיר רופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע קרובים — האָט זיך אָנגערופֿן די קראַנקן־שוועסטער, דאָס זענען קינדער... עס איז אַן ערנסטער מאָמענט! מיר קאָנען נישט זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך...

— און מיט וואָס וועט איר קומען צו דער פֿאַרזאַמלונג? — האָט מיט חוזק

געפרעגט דער בוכאלטער. איר ווילט מארגן זאל די גאנצע געטא קלינגען דער־
פון, אז מיר מאכן פארזאמלונגען... מירן נאך אלע גיין אין תפיסה!

— עס גייט נישט אין אונז, נאר אין די קינדער — האט בייז איבער־
געריסן די פרוי מינץ. אין אנהויב האט זי נישט געקענט גלויבן די אלע רייד,
נאר די פנימער פון די מאמעס האבן דעם גאנצן אמת געזאגט.

— מיר מוזן זאגן אָפן די עלטערן, וואס זענען נאך דא: ווער עס וויל,
זאל נעמען די קינדער... באהאלטן. און גלייך האט זי זיך מיט ביידע הענט
אן דעם קאפ אנגעכאפט:

— גאט מיינער! די קינדער... וואו באהאלטן?

זי איז ארויס אויף דעם הויף א דערשראקענע, ווי זי וואלט זיך געריכט
יעדע רגע אויף די דייטשן.

די קינדער פלעגן נאכמאכן אירע שמאלע טריט, ווי זי שלעפט אונטער
דעם ראָק, פלעגן אונטערוואַרפן פארשידענע ווערטלעך אויפן פארהאנג פון די
פענצטער, אבער עס איז געגנוג געווען, זי זאל זיך ווייזן, פון דער ווייטנס, עס זאל
פאלן א ווארענונג:

— דער ווייסער קאפ גייט... און גלייך פלעגן די קינדער שטיל ווערן.
איצט אויף איר אנקומען האבן אלע קינדער זי ארומגערינגלט, ווי הינדלעך ארום
א קוואקע, געטולעט, געווארט אויף א ווארעמען בליק.

— איך ווענד זיך צו אייך — האט זיך אנגערופן די פרוי מינץ, צו די
פארזאמלטע — איר זאלט באשליסן די קינדער נעמען צו זיך אדער לאזן דא...
נאר איר מוזט פארשטיין... דערווייל נישט שטערן. ס'מוז זיין ארדנונג.

אויף דער הויף איז אנגעקומען א גרופע פרויען, מענער און קינדער, זיי
האבן אין א זייט צוגערופן די פארוואלטערין פון יתומים־הויז און ציטערדיק
געבעטן:

— הארציקע מאמע, נעמט מיין קינד... באהאלט צווישן די יתומים... וואס
זאלן מיר טאן? אין געטא ברענט א פייער! וואו אנטלויפן?!

א מאמע פון א דריי־יעריק מיידעלע האט אנגעכאפט די פרוי מינץ ביים האנט און
א צעטומלטע געפלאנטערט זיך אין די ווערטער:

— איך... דאס הייסט, איך און מיין מאַן, וועלן ארבעטן פאר אלע יתומים, ביז סוף מלחמה, ס׳גאנצע לעבן, אלץ טאן... איר זייט א מאמע פון יתומים, לאזט נישט... לאזט נישט מיין הארץ זאל צעריסן ווערן, הארציקע, ראטעוועט!

אלע מאמעס האבן אנגעהויבן וויינען: ראטעוועט אונזערע קינדער! דא וועט קיינער נישט קומען...

— אבער איך... איך — האט געשטאמלט די פארוואלטערין פון יתומים־הויז, וואס קאן איך? וואס וויס איך? זי האט זיך פארלוירן, געקוקט אויף דעם פולן הויף מיט קינדער, פרויען און מענער דערשטוינטע, פארציטערטע, צע־שריגענע און נישט געוווסט, וואס צו זאגן.

— איך וועל ווארטן ביז מארגן — האט זיך א מאמע אנגערופן, אפשר וועט גאט העלפן... די פרוי מינץ וועט גיין צום הער פרעזעס [1]).... ער האט דאך אליין א הארץ פון א פאטער? ער גיט דאך אוועק זיין לעבן פאר קינדער!

— זיכער, זיכער... האבן אונטערגעכאפט עטלעכע פרויען — דער הער פרעזעס וועט נישט צולאזן... און מיר, וואס קאנען מיר?

עטלעכע קרובים האבן די קינדער אהיימגענומען — די מערסטע נישט. איינציקוויז איז מען זיך פונאנדערגעגאנגען. די נאכט איז צוגעפאלן. מיטאמאל זענען אלע קינדער אדורכגענומען געווארן מיט אזא קעלט, אז עס האט זיך געהערט דאס קלאפן פון זייערע ציין.

די פרוי מינץ, ווי זי וואלט זיך מיטאמאל דערוועקט פון א שווערן חלום, האט אויסגערופן צו די לערערקעס:

— א שיינעם פערסאנאל האב איך! גלייך פארלירן זיי די קעפ! נעמט צו־זאמען די קינדער. שוין נאכט... גאט מיינער... וואס איז מיטן נאכטמאל־צייט?

מיט אראפגעלאזטע קעפלעך, ווי בלומען פאר א שטורעם, זענען די קינדער געזעסן ביים טיש, געהאלטן די לעפל אין די הענטלעך און געמישט די זופּ, צופירן דעם לעפל צום מויל נישט געקאנט. פולע טעלער עסן זענען געבליבן אויפן טיש. די עלטערע יינגלעך האבן זיך אויפגעשטעלט, צו צו דער

---

1) אזוי האט מען גערופן דעם „עלטסטן דער יידן" — מרדכי רומקאָווסקי.

טיר און שטיין געבליבן מורא געהאט ארויסצוגיין אויף דעם הויף, געשראקן זיך פאר דער פינצטערניש.

— קומט שלאפן, ווערימלעך מיינע! — האט געיאגט די קינדער די לערערקע מאשע. קומט, קומט! — האט זי געוואלט, ווי שטענדיק, מיט א געלעכטערל די קינדער איינגעמען, נאר אויפן פנים האט זיך קיין שמייכל נישט געלייגט. זי האט ערנסט צוגעגעבן מיטאמאל:

— מירן אייך קיינעם נישט געבן, ניין, טייבעלעך מיינע!

אין די שלאף־צימערן האבן די קינדער שטיל צווישן זיך געשמועסט:

— וואו פירן די דייטשן? מיינען זיי נאר די גרויסע קינדער, אדער אלע... ווי אזוי זעט אויס אן אקציע?

אפשר האט דער לערער זלמן דערציילט די דייטשן פון צעבראכענעם אויוון? — האט א דערשראקענער געפרעגט כאצעק — און דערפאר...

קיינער האט זיך צו אים נישט צוגעהערט, נאר אברהמל האט זיך צעלאכט:

— דו נאַר איינער, דער לערער אליין האט מורא פאר די דייטשן!

— מ׳טאר נישט לאכן... האט שלומקע ערנסט געזאגט און ווייטער געלעגן א פארטראכטער, זיין פנימל איז געווען אנגעשטרענגט, ווי עס וואלט אים געמאטערט עפעס שווערעס, אומקלארעס. אין זיין בעטל איז ארײַן דער קליינער אייזיק און נישט דרייסט געבעטן:

— לאז מיר ארײַן... איך האב מורא אליין...

— א זעלנער האט נישט קיין מורא — האט שלומקע ערנסט געזאגט און צוגעדעקט אים מיט זיין דעק, צוגערוקט דאס קישן, ארומגענומען, צוגעטוליעט צו זיך. ביידע קינדער זענען איינגעשלאפן מיט א טיפן שווערן שלאף.

פארטאג האט עלעמען דערוועקט א רעש פון מאשינען.

— אנטאן זיך אויף גיך! — האט באפוילן די לערערקע סאניע. זי האט זיך באמיט צו זיין רואיק, נאר איר פנים איז געווען געל, ווי וואקס, איר קול געציטערט. די קינדער זענען מיט א פארהאקטן אטעם ארויס פון די בעטלעך, אין איילעניש אנגעטאן, וואס עס איז זיי אין די הענטלעך געפאלן.

— גיב מיר מיין העמד — האט אברהמל שטיל גערעדט צו מאטעלען.

— שא... די דייטשן וועלן נאך הערן — האט אלע בארואיקט דער קליינער אייזיק. זיינע הענטלעך האבן געציטערט, נישט געקאנט צוקנעפלען די הייזלעך.

— איך... איך קאן נישט — האט ער געשטאמלט.

מיטאמאל האט שלומקע דערזען א מאשין אנפארן אויפן פעלד־שטח. פון דער מאשין איז ארויסגעשפרונגען א דייטש, א ווײלע ארומגעקוקט זיך און צו צו דער פרוי מינץ; מיטן בייטשל אנגעוויזן אויף איינע פון די געביידעס פון יתומים־הויז...

— מאכט פיס! האט שלומקע מיט זיין גאנצער קראפט א געשריי געטאן און אויף אלע פיר ארויס פון דער שטוב, אנידערגעזעצט זיך אין גראז, אויף דעם בויך אנגעהויבן פויזען. אריין אין די קוסטעס, ביי א צווייגל זיך צעבלוטיקט א הענטל, ווייטער געראקט זיך נענטער צום בית־עולם־מויער. ביי דער מויער זענען געלעגן קלעצער אנגעלייגט, ווי טרעפלעך. שלומקע איז ארויף אויף א קלאָץ, מיט איין שפרונג אריבער די נידעריקע בית־עולם־מויער און מיט אלע כוחות זיך געלאזן לויפן. פון דערווייטנס האט זיך געטראגן א יאמער, אויסגעמישט מיט א רעש פון מאשינען... וואס ווייטער שלומקע איז געלאפן, אלץ שטילער איז געווארן. ער איז געבליבן, ווי צוגעשמידט צו דער ערד, קוים ארויסגעשטאמלט:

— ארויסגעפירט אלע זעלנער... דבורהלען.. אלע... אלע... — און מיט א גרויס געוויין צוגעפאלן צו א מארמארענע פליטע פון א מצבה.

עס זענען אדורך פינף טעג.

שלומקע האט צוגעפויזעט צו דער מויער, ארויף אויף א קלאָץ, פארזיכטיק ארומגעקוקט זיך אין אלע זייטן און פאמעלעך אדורכגעקלעטערט אויפן פעלד־שטח. א ווײלע ליגן געבליבן אין גראז, איינגעהערט זיך אין דער שטילקייט און מיט פאמעלעכע טריט אנגעהויבן זיך צו רוקן פארויס.

ארום האט געהערשט א שטילקייט, קיין סימן פון לעבן, ווי עס וואלט דא קיינמאל קיין מענטשלעכער פוס נישט געשטאנען. מיט א פארהאקטן אטעם האט שלומקע זיך אוועקגעשטעלט ביים פענצטער פון זיין שטוב און די פיסלעך

אונטער אים האבן א ציטער געטאן, דאס הערצל שטארקער אנגעהויבן קלאפן. אין צימער איז קיינער נישט געווען, די זאכן זענען געלעגן צעווארפן. שלומקע האט א פארמאטערטער זיך צוגעשלעפט צו דער קיך, אויפגעעפנט די טיר, נישט דרייסט אריינגעשטעלט דאס קעפל.

— שלומקע! — האבן אויסגערופן עטלעכע שטימען צוזאמען. די קעכין איז צוגעפאלן צו אים, אין דער הויך א הויב־געטאן, און צוגעטולעט צום הארץ, איינגעקוקט זיך אין זיין פנימל, ווי זי וואלט זיך אליין נישט געוואלט גלויבן

— ווו ביסטו געווען? אולאן מיינער? קאמאנדיר... טייערינקער? — האט זי מיט די אויגן פול מיט טרערן גענומען אויספרעגן.

ביים אויוון זענען געשטאנען עטלעכע ייִנגלעך, וואס האבן זיך בעת דער „שפערע" [1]) אויסבאהאלטן אין די קארטאפל קעלערס, אויף ביידעמס און אין פוסטע. נישט באווינטע הייזער. אויף שלומקעס אָנקום האבן אלע אנגעהויבן קלאפן אין די הענט:

— דער קאמאנדיר איז געקומען! דער קאמאנדיר!...

אלע האבן געקוקט אויף זיין שווארץ אויסגעצויגן פנימל, אויף זיין אנצוגל אין זאמד אויסגעשמירטן און צוזאמען געגומען אויספרעגן: — ווו ביסטו געווען?

— וואס האסטו געגעסן? ווער האט דיך אויסבאהאלטן?

— וואס ווילט איר פון קינד? — האט די קעכין אויסגעשריגן, לאזט אים זיך אפרוען! גייט נאך די פרוי מינץ, זאל זי זען... זי האט אנגעגאסן א טעלער זופ און דערלאנגט שלומקען. קום... עס...! ארעם קינד מיינס — האט זי ציטערדיק גערעדט, גלעטנדיק זיינע איינגעפאלענע בעקלעך.

— איך בין נישט הונגעריק — האט שלומקע קוים ארויסגעשטאמלט און ארויס אויפן הויף, צו צום בוים, ווו ער האט די „ביקסן" צום לעצטן מאל באהאלטן. מיט ציטערדיקע הענטלעך אוועקגעשארט די בלעטער און פאמעלעך אנגעהויבן ארויסנעמען יעדעס צווייגל באזונדער.

---

1) „שפערע" — אפשליסן: אזוי האט מען אין לאדזשער געטא גערופן די טעג, ווען מ'האט ארויסגעפירט פון געטא קינדער, קראנקע און זקנים. אנהויב סעפטעמבער 1942 האבן די דייטשן אוועקגעפירט אין טויטן־לאגער כעלמנא 15 טויזנט נפשות.

דאָס איז אײַזיקס, דאָס כאַצעקס... און דאָס איז דבֿורהלעס...

ער האָט זיך פֿאַרקוקט אויפֿן צווייגל און מיט באַדויער אַרויסגערעדט:

— פֿאַרוואָס איז דבֿורהלע נישט געוואָרן קיין זעלנער? זי איז בייז אויף מיר געוואָרן... און איצט איז שוין דבֿורהלע נישטאָ... נישטאָ מער! — האָט שלומקע געהעשעט.

# אין רעגן

עס האט געפּלאַצט דאס האַרץ פון געטאָ.

דער הימל האט מיט ברייטע רעגנס אַ גאָס־געטאָן, ווי ער וואָלט וועלן אַלץ אָפּשווענקען, פאַרגיסן. שווימען איבער די פעלדער פון מאַרישין *) שוואַרצע לוזשעס, צעגיסן זיך איבער די ברייטע וועגן, מישן זיך אויס מיט דער צעווייקטער, ליימיקער ערד.

אויף דעם וועג פון דער באַן־ליניע האט מאַרשירט א טראַנספּאָרט יידן. פאַמעלעך און אומזיכער האָבן געטאָפּטשעט שיך, ברוינע, געלע און שוואַרצע. וויגן זיך אין די הענט שווערע וואַליזעס מיט מעשענע רינגען באַקלאַפּט. צערינען אין רעגן די גרויסע, פעטע אויפשריפטן:

— פרידריך מעלצ... ווין.

— מאַריאַ הילפּ... שטר...

— עלזא זאנ... ווין...

רוקן זיך פאָרויס צילינדערס, הוטן, בערעטן, מאַנטלען, קורצע און לאַנגע... וויינען אַראָפּ פון זייערע פלייצעס געלע לאַטעס מיט שוואַרצע שטעמפּלען „יודע". עס דאַכט זיך, אז עס רוקן זיך פאָרויס צילינדערס, מאַנטלען און שיך.

און די מענטשן?

זיי זיינען ווי איינגעשרומפּן געוואָרן צווישן די מלבושים. נאָר פון אונטער די קאָלנערס פון זייערע רייזע־מאַנטלען קוקן אַרויס אויגן אויסגעלאָשענע, פאַרצווייפלטע, פאַרגליווערטע אין צער. פאַרזיכטיק און דערשראָקן קוקן זיך אַלע איבער די פּוסטע פעלדער. איבער די פאַרלאָזענע איינגעפאַלענע הייזלעך, אָן טיר און אָן פענצטער, און פרעגן דערשטוינטע:

— וואו זיינען מיר געקומען? זאָל דאָ זיין א געטאָ?

*) א מזרחדיקע פאָרשטאָט פון לאָדזשער געטאָ.

אַן אלטער מאַן ברומט צו זיך ביין:

— אלץ איז א ליגן, אלץ איז פרעך. דער ראבינער אליין האט געפּרעדיקט, אז עס איז נישט נייטיק מיטצונעמען די זאכן. אלץ איז צוגעגרייט געווארן!... וואוינונגען מיט אלע באקוועמלעכקייטן! ארבעט! אָט איז עס!... מ׳האט אונדז אפּגענאַרט!

לעבן אים, פאמעלעך און שווער קייקלט זיך, ווי א פּול פּעסעלע, א מיטלוויקסיקער, ברייטביינערדיקער מאַן מיט א פליך אויפן קאפּ. ווי אומזיניק חזרט ער איבער אָן אויפהער:

— אלץ האב איך מיטגענומען! א בערשטל צו די האָר... צו די ציין... צו די שיך... צו... צו...

ווי א שיכור, מיט וואקלדיקע טריט, וויגט זיך פאַרויס און צוריק א יונגערמאַן אין א צעפּראלטן מאנטל, מיט א לעדערנעם פּארטפעל אין דער האנט. זיין הוט איז טיף אראפּגעצויגן איבערן שטערן, ווי ער וואלט נישט געוואלט קיינעם זען, פון קיינעם נישט דערקענט ווערן. די געלע לאַטע ברענט אים, ווי זיי וואלטן זי צו זיין ברוסט מיט נעגל צוגעקלאפּט, דאס לייב פאַר־וואונדעט, צעריסן. אין זיין פארפּייניקטן מוח, ביז ווייטיק, ביז משוגעת שלאגט זיך איין געדאנק:

— פאַרוואס איז מארטאַ נישט מיטגעגאנגען? אלץ צוליב איר פאַרלאזט. די עלטערן, די היים, ביי אלע זיך! פאַרהאסט און אליין געבליבן! זי איז נישט מיטגעגאנגען! נישט... געבליבן ביי אירע ברידער, מיינע פיינט!

ווי א צעחושטער לויפט ער פאַרויס זיין ריי. בלייבט שטיין אויף א ווייַלע, גלייכט־אויס זיך מיטן צוג און לויפט ווייטער, ווי די ערד וואלט געברענט אונטער זיינע פיס, מיט אירע פייער־צונגען געוואלט אים איינשלינגען, פאַרשרפהנען. מיטאמאל בלייבט ער שטיין ווי א צוגעשמידטער, טראכט, טראכט און מיט אלע כוחות לאזט ער זיך לויפן אויף צוריק.

— שטיין בלייבן! — פאלט א באפעל און גלייך דערנאך א שאס.

פרידריך מעלצער, דער בארימטער ווינער דאָקטאָר, גיט זיך א וואַקל פאַרויס און צוריק, צעשפּרייט די הענט אין דער לופט און פאלט אויף דער ערד, ווי א פאַרוואונדעטע פויגל.

— מען שיסט! ליבער הער־גאט! — ציטערט אויף אין דער ערשטער ריי אַן אלט פארפאלק און מיט קליינע טריט הייבן די צוויי אלטיטשקע אָן לויפן פאר זיך.

אויף א ווײַלע ווערט אין דעם צוג אזא מין טויט־שטילקייט, ווי אלעמענס פיס וואלטן פארזונקען אין די ברייטע צעגאסענע לוזשעס.

— לוסטיקער מאַרשירן! — טרייבט־אונטער אַן ס.ס.־מאַן פאָכנדיק מיטן דינעם, גומענעם בייטשל אין דער לופט.

— לאופען!

די אויסגעשרייען פון די ס.ס.־לייט באַרואיקן די צוויי אלטע. זיי גלייכן זיך אויס מיטן צוג און האלטנדיק זיך פאר די הענט, ווי צוויי פארבלאָנדזשעטע קינדער גייען זיי ווייטער.

— האט מען ווירקלעך געשאסן? אפשר האט זיך עס אונדז בלויז אויס־געוויזן? — שטאַמלט ציטערנדיק דאס ווייב. דער מאַן ענטפערט נישט. ער איז מיט די געדאַנקען ביים איינציקן זון, וואס איז אין ווין געבליבן.

— האַ, האַ, האַ! — שיסט ער פּלוצעם אויס מיט א געלעכטער. — אָט א בראַווער יונג! ער האט עס גלייך פארשטאנען און... א סוף געמאכט דערמיט! זאל נאָר דאס אלץ „פארביי״, ווייס איך שוין וואס צו טאָן... און גיט־צו מיט באדויער: — מיר האבן נישט באדארפט אים פארשטויסן... אַן איינציק קינד... דערפאַר וועט אים איצט מאַרטאַ אויסבהאַלטן. זי איז נישט ווי זיי אלע.

...איך, אָסקאַר מעלצער, אין געטאָ געקומען! — שלאגט איר איבער דער מאַן מיט א כריפעדיקער שטים. — אומזיסט פערציק יאָר געארבעט, גענומען די וואַליזעס און געגאַנגען! האַ, האַ האַ...

— שווייג, שווייג! — האט די פרוי גענומען אים באַרואיקן, ארומקוקנדיק זיך א דערשראָקענע אין אַלע זייטן.

— שווייג!

— אָ, דער מאַן איז גאנץ פאררוקט — האט זיך אויפן קול אפגערופן אַן אפערעטן־זינגערין א יונגע, בלאָנדע פרוי אין א דינעם זומער־מאנטל און אפענע, לייכטע שיכלעך אויף די באָרוועסע פיס. די פאליציי איז נאך איר

געקומען ביינאכט. זי האט אין איילעניש פארגעסן, וואו עס ליגן אירע זאַכן. ארויס פון שטוב כמעט א בארוועסע. איצט, גייענדיק אויפן רעגן, טרייסלט זי זיך פאר קעלט, קאָן קוים דעם אָטעם כאפן. זי באטראכט דאס פארפאלק, וואס שפאנט פאר איר און עס דאכט זיך איר, אז נישט נאָר דער איינגעבויגענער מאן, איז אראפ פון זינען, נאָר אויך זי, און אלע וואס שלעפן זיך מיט די וואליזעס איבער דעם פרעמדן גליטשקן וועג.

— וואס וועט דאָ פון אונדז ווערן, — טראכט זי מיט א פארקלעמט הארץ, — ווי אזוי וועל איך דאָ לעבן אָן מענטשן, אָן טעאַטער? נישט שפילן מער? — וויינט אין איר א קול און עס ווערט איר מיטאמאל קלאר, אז איר „היימאט”, די בינע, איר'ע פארערער און איר רום זיינען נאָר א חלום געווען און איצט איז אַלץ אויס. עס רוישט איר נאָך אין די אויערן דאס קלאפן פון די רעדער: טיק־טאַק, טיק־טאַק... ווי לאנג האבן זיי אונדז געפירט? — לויפט איבער איר מוח אדורך א מחשבה, ווי זי וואלט גאָר פארלוירן דעם חשבון פון צייט. אירע אויגן לויפן נערוועז איבער די פוסטע, נאקעטע פעלדער און גלייך הייבט זי אָן ניכטער צו באטראכטן די לאגע: — ווען עס וואלט דא אפילו געווען א טעאַטער, וואלט איך דאך אויך נישט געקאָנט שפילן, אזוי ווי איך זע איצטער אויס. אָן גאַרדעראָבע, אפילו „אָנע שטרימפּע”! יאָ, מיין ראָל איז געענדיקט! — וויל זי אויסשרייען, נאָר פון איר פארטריקנטן האלדז באקומט זיך נישט ארויס קיין שטים. מיד שלעפט זי זיך מיט אלע צוזאמען, ברעכט פארצווייפלט די ווייסע, לאנגע פינגער און רעדט צו זיך א פארלוירענע:

— מיין גאט! ווי שרעקלעך, ווי שרעקלעך!...

מיטאמאל האט זיך אראפגעלאזן א שלאקס־רעגן. ווי מיט בייטשן פאטשט ער איבער די פנימער און שנירלעך טרערן גליטשן זיך איבער די מלבושים, צעגיסן זיך אויף דער ערד. דער צוג שלעפט זיך ווייטער פארויס און צוזאמען מיטן רעגן זינקט ער אין די לוזשעס.

פאמעלעך, ווי יעדער שריט וואלט איר וויי געטאן, רוקט זיך פארויס אָן עלטערע פרוי, אַ לערערקע פון אַ פאלקס־שול.

— אַלץ איז אַ שטראָף פון ליבן הער־גאָט... איך האב פארזינדיקט פארזינ...
— וויינט זי אריין אין דעם גראָבן, וואָלענעם שאַל.

— פארוואס האב איך דאס קינד אין ווייזן־הויז געלאזט — טענהט זי א פארלוירענע, צו זיך. ווי א צעמישטע הייבט זי אָן קלאגן אויף א קול:

— איך וועל מער נישט זען איר ליכטיק פנימל... מיין שטילע טויב, — זי פארגייט זיך אין אַזאַ געוויין, ווי אלע אירע בלוטן וואלטן זיך אין טרערן פארוואנדלט. וואס אמאל אנדערע בילדער רוקן זיך אדורך פאר אירע אויגן. זי זעט איר מיידעלע יום־טובדיק אויסגעפוצט ביי דער יאַלקע, מיט ווייסע שלייפן אויף די גאָלדענע צעפעלעך... גלייך וואקסט אויס פאר איר א גרויסער זאַל פול מיט צעשפילטע קינדער. איר גרעטכען שפילט זיך מיט אלע צוזאמען. זי וועט זיכער פרעגן, וואו איז די „גוטע דאַמע", וואס פלעגט שטענדיק קומען מיט זיסווארג און שפילצייג? זי וועט בענקען, בענקען! — שרייט ארויין די לערערקע אין נאַסן, געשטריקטן שאַל אויפן האלדז. מיטאמאל באפאלט איר א שרעק:

— וואס וועט זיין אויב זיי וועלן זי דערקענען, ארויסטרייבן, און איך גיי און גיי. וואו גיי איך דא? — הויבט זיך אָן שרייען א צעטומלטע.

— בארואיקט אייך, דער וואס לעבט אייביק פארלאזט נישט קיינעם. מיר אלע גייען דאָך — האט מיט רחמנות גענומען טרייסטן די לערערקע א שכנטע פון דער ריי.

— אבער מיין קינד... איז אין ווייזן־הויז געבליבן! — וויינט אויס די לערערקע איר סוד פון אלע יאָרן פאר דער פרעמדע פרוי, פאר דעם טריבן חשוונדיקן טאָג, פאר פוסטע מארישינער פעלדער.

דער ווינט כאפט־אויף איר יאָמער און צעטראגט אים ווייט, ווייט איבערן געטא.

פלוצעם איז פון דער ריי ארויס אן אלטינקע, גרויע פרוי, מיד אוועקגעזעצט זיך אויף א קלאָץ לעבן וועג. איר קאפ איז שווער אראפגעפאלן, די אויגן האבן זיך פארלאשן.

אַן איינגעהויקערטע באָבע, מיט א ברייטן רעגן־מאנטל אויף דער פלייצע, מיט אַן אראפגעצויגענער קאפּוזע איבערן שטערן איז צוגעגאנגען צו דער אלטינקער, א ווײַלע זיך איינגעקוקט אין איר טויט־מידן פנים, אנגענומען זי אונטערן אָרעם און ווייך געזאגט:

— קומט...

די פרוי אויפן קלאָץ, אָנגעשפּאַרט, האָט פאַמעלעך אויפגעמאַכט די אויגן, אַפּגעמאַסטן די באָבע פון קאָפּ ביז די פיס, פול מיט יאוש א פרעג־געטאָן: צו וואָס ווייטער גיין? ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, צוגעמאַכט די אויגן.

— מ׳טאָר נישט אַזוי! מ׳טאָר נישט — האָט די באָבע, טיף באַנומען, אָנגעהויבן מוסרן די אַלטינקע. — מיר מוזן ווייטער גיין. ס׳מוז דאָך זיין א זין אין דעם אַלעמען. נו, קומט — האָט זי גוטמוטיק איבערגעחזרט און צוגעוואָרפן מיט מורא: — מירן זיך נאָר וואַרפן אין די אויגן דעם פּאָסטן, גיכער!

די פרוי אויפן קלאָץ גיט א קוק מיט שרעק אויפן יונגן דייטשל אין דעם ווי פוילער מאָך גרינעם מונדיר, און פּרוּווט זיך אויפשטעלן פונעם אָרט. איר פּנים איז אויסגעקרימט פון ווייטיק. שטיל, אומעטיק קלינגען אירע ווערטער.

— איך קען נישט מער...

— דער מאַן — פאַרטריבן, די קינדער — אין דאַכאַו, די היים — פאַרלוירן... — און ווי זי וואָלט דאָס אַלץ נישט געקענט באַגרייפן, גענומען זיך וואונדערן:

— ווי אַזוי האָבן „זיי" געקאָנט דאָס טאָן? מיר האָבן דאָך שטענדיק געלעבט בשלום, צוזאַמען... — פּירנדיק זיך אין דער ריי דערציילן זיך צוויי באָבעס פון זייערע מענער און זין, פון זייערע פאַרלוירענע קינדער און אייניקלעך. גייט זיי נאָך דאָס געשפּענסט פון דאַכאַו, פון דיקע, תּפיסהדיקע מויערן, וואָס האָבן איינגעשלונגען זייער גליק און האָפנונג און צוויי מאַמעדיקע הערצער שטורעמען אויף אין איין ווײ־געשריי:

— ראַכע, ראַכע!

א טאַטע פירט זיין נייגעריק יינגעלע פאַר דער האַנט און רעדט־אַריין אין אים, ווי אין א דערוואַקסענעם:

— רודי, מיר האָבן געאַרבעט פאַרן טייוול, נאָר מען דאַרף דעם קאָפּ נישט פאַרלירן. איצט איז מיר אַלץ קלאָר. ווען די זאַך וועט פאַרביי, וועלן מיר קיין

פאַלעסטינע פארן! איך וועל דארט קויפן א פלאַץ אויף א פרדס, אדער א וויינ־גארטן. איך האב שטענדיק וועגן דעם געטרוימט, נו רודי, וואס טראכסטו דערפון? וועסט פארן מיטן פּאַפּאַ?

דאס מידע, נישט אויסגעשלאָפענע ייִנגל הייבט אויף צו זיין טאַטן א פאַר פארוואונדערטע, דערשראָקענע אויגן; און ווי א תפילה קלינגען זיינע ווערטער:

— איך וויל אהיים... אהיים...

— יאָ, איך מיין עס גאַנץ אַנדערש — רופט זיך אָן רודיס פעטער, פון דער מאַמעס צד, וואס טראָגט דאס גאַנצע געפּעק אויף זיך — איך טראַכט שלוס צו מאַכן מיט אייראָפּע — סאָפּעט ער שווער פון אונטער דער מאַסע, וואס האט אים כמעט צוגעדעקט, דאס קול אפגענומען.

— נאָך דער מלחמה פאָר איך קיין אויסטראַליע... דארט איז א זיכערער קאָנטינענט, אַנדערע מענטשן, אַן אַנדערער קלימאַט... אייראָפּע איז א וואולקאַן, מען דאַרף אוועק פון דאַנען! ווייט, אין אַן אַנדערע וועלט!

ער סאָפּעט־אָפּ, שווייגט א רגע און פאַרענדיקט א פאַראומערטער:

— נאָר קיין ווין מוז איך נאָך אַמאָל צוריקקומען...

ער נעמט ארויס פון דער טאַש דעם שליסל פון זיין וואוינונג און דריקט אים פעסט אין דער האַנט, ברומענדיק:

— ווין, מיין ווין, כאָטש איין מאָל דיך נאָך זען...

פון הינטער דעם בית־עולם מויער האט שטיל געוויינט דער ווינט.

מיטאַמאָל האט דער „טראַנספּאָרט" דערזען א רויטע דריי־שטאָקיקע ציגל־געביידע און אַלע הערצער זיינען אויפגעציטערט געוואָרן; צי האָבן זיי אונדז אין א תפיסה געבראַכט, אַפּגענאַרט?!

פון די פּוסטע פענצטער־לעכער פונעם „טעפּיכער־רעסאָרט" האָבן ארויס־געקוקט די וועבערינס, פאַרטריבענע פון בעלכאַטאָוו, זלאַטשאָוו, וולאָדאַווע. ציי־טערנדיק האָבן זייערע בלויע ליפּן געשטאַמלט:

— פון אַלע שבעה ימים האָבן זיי צונויפגעפּירט, די תוכחה איז געקומען ניט אַנדערש...

די נאכט איז צוגעפאלן מיט א פינצטערניש, און זיך אויסגעשפרייט,
ווי זי וואלט וועלן אין זיך ארייננעמען אלע פארטריבענע, אויסגעווארצלטע.

שטיל האט דער הימל געטריפט מיט טרערן. פארשעמט האבן זיי זיך
באהאלטן אונטער דער ערד, געגוססט פאר צער.

# זיין פרוי

וואלטער ציגלער איז געלעגן אויף זיין רוקזאק אין ווינקל פון דעם פול געפאקטן צימער מיט די דעפארטירטע בערלינער יידן און טעמפ זיך איינגעקוקט אין שמוציקן, מיט שטויב באדעקטן פענצטער. דער הימל איז געווען א גרויער, א ווינטערדיקער. קיין איינציקער זונענשטראל האט זיך נישט דורכגעריסן דורך דער מיט שווארצע כמארעס פארדעקטער הימלהויכקייט. ציגלערס מאטע אויגן, באדעקט מיט א פייכטן נעפל זענען טרוקן.

ניין, ער וועט דאך נישט וויינען! דערויף איז ער צו שטאלץ און אזוי נידעריק וועט ער ביי זיך אליין נישט פאלן ער זאל וויינען אויף זיין גורל ליגנדיק אויפן רוקזאק אויף דער ערד. אבער ארום הארץ דריקט עפעס אזוי, אין האלדז שטיקט, אז עס וואלט גוט געווען זיך אפצווויינען.

ער האט עס קיינמאל נישט געוווסט, אז פון אלע נויטן, קאן אממייסטן אים דערשלאגן די איינזאמקייט. אויף די דעקן אויסגעשפרייט אויף דער ערד זיצן משפחות, מאמעס און קינדער, פרויען מיט זייערע מענער, אפילו געליבטע. זיי איז גוט!

עמעצער דרייט זיך ארום זיי. דערלאנגט א טעפל הייסע קאווע ווען די מרה שחורה נעמט אוועק דעם ווילן צום לעבן. עמעצער שרייט זיי אן, אז מען טאר נישט אזוי... אז מען מוז זיך האלטן... די קינדער טולען זיך צו זייערע מאמעס און עס איז זיי ווארעם אין דעם קאלטן, פארבלאטיקטן זאל. יא, אפילו די געליבטע ברענגען ארויס פון די פארבארגנהייט פון זייערע נשמות א שמייכל צו פארשטעלן דעם אייגענעם טרויער און פארצווייפלונג. אבער ער, דער איינזאמער, אויף זיין רוקזאק קאן ביינאכט א הארצשלאג באקומען און נישט האבן וועמען צו רופן. פרימארגן וועט מען אים ארויספירן אויף א פרעמדן בית־עולם און קיינער וועט נישט לאזן א טרער איבער זיין קבר.

לעבן אים ליגט א גרויסע לעדערנע רייזע טאש מיט לעבנסמיטל, וואס ער האט מיט זיך אויפן וועג גענומען. סארדינען און קעזן. געטריקנטע פרוכטן.

טארבעלעך מיט רייז און מאקאראנען. שאכטלען מיט טיי און קאווע. א פיינער טערמאס מיט קליינע אלימיניום טעפלעך און טעלער. אפילו דעם „נעסעסער״ האט ער נישט פארגעסן מיט אלע מינים בערשטן און בעשטעלעך, וואס האט ער דען נישט מיטגענומען? ליגט דאס אלץ צעווארפן נעבן אים, ווי א נישט גויטיקער באלאסט. און ער ווייסט אליין נישט צוליב וואס ער היט עס.

ער האט אין זיין רוקזאק אלע זיינע באליבטע ביכער. ער ווייס, אז עס וואלט אים גוט געטאן, ווען ער וואלט ארויסגענומען איינע פון די פיינע אויסגאבן מיט די גאלדענע אותיות אויף די לעדערנע רוקנס. דאס וואלט אים אויפגעפרישט און ארויסגעצויגן פון תהום. זיינע פינגער האבן אבער נישט קיין ווילן, אזוי ווי ער אליין האט נישט קיין ווילן, קיין באגער.

ער טראכט נישט וועגן דעם נעכטן. אפשר איז קיינמאל נישט געווען וואלטער ציגלער, דער בארימטער כעמיקער מיט זיין פראכטפולער לאבארא־טאריע. אפשר איז דער נעכטן נאר א חלום. און ער, דער דעפארטירטער בער־לינער ייד — ליגט דא שוין אן אייביקייט. ער ווייס אפילו נישט וואו ער געפינט זיך. ווי הייסט די שטאט וואו ער איז מיט אלע געפירט געווארן. נאר איין זאך איז קלאר: דאס איז דער סוף!

האט ער וואס צו באדויערן פון זיין נעכטן? גארנישט. דאס לעבן אין תמיד געווען ליים אין זיינע הענט.

נאָר איין זאך עגבערט דעם מוח: פארוואס האט ער נישט אנגענומען דעם רוסישן פארשלאג צו פארן אין וולאדיוואסטאק אנצופירן מיט א כעמישער לא־באראטאריע? זיי האבן געוואלט אויסבויען א לאבאראטאריע — א וואונדער און סטאלין אליין האט זיין קומען באוויליגט. עטלעכע מאל האבן זיי זיך דאך צו אים געוואנדן! „פארוואס האב איך עס אפגעווארפן?״ — טראכט ער.

וועבן זיך אין זיין מוח נישט קלארע מחשבות. ציען זיך פאר זיינע אויגן אין דער אומענדלעכקייט ווייסע, שנייאיקע פעלדער. א פרעמדע וועלט אין שניי פארזונקן. דארט בלאנדזשט ער איצט מיט זיינע געדאנקן. א פינטעלע אויף דער מאפע דערמאנט אים דעם ווייטן וולאדיוואסטאק. ער זעט עס איצט געגוי! דארט וואלט ער געקענט רואיק אויסלעבן זיינע יארן, ארבעטן, זיין א מענטש!

א קליינע צארטע פרוי באטראכט אים פון דעם ווייטנס שוין עטלעכע טעג. אזוי ווי זי איז נאר מיטן טראנספארט ארייגעקומען אין דער שול און

מיט די מידע אויגן ארומגעקוקט איבער די אלע וואס האבן זיך אויף דער ערד אויסגעסדרט האט זיך איר בליק פארהאלטן אויף דעם מאן. עטלעכע טעג זענען אדורך און זי קאן אלץ ביי זיך נישט פעסטשטעלן, צי דאס איז „ער״? זי זיצט זיך אויף די פעקלעך אין איר ווייסן ניילאן מאנטל מיט דער ווייסער ניילאן קאפוזע אויפן קאפ און קאן איר בליק נישט אפרייסן פונעם ווינקל. מאדנע זעט זי אויס אין די אויגן פון די פרויען, וואס האבן נעבן איר אויסגעלייגט די דעקן אויף דער ערד און גענומען פירן זייערע נע־ונדער באלעבאטישקייט. אפטמאל פרעגן זיי מיט א דערשטיקט געלעכטערל מיט חוזק־פונקן אין די אויגן:

— ווי קאן מען דאס זיצן טעג און נעכט אין א ניילאן מאנטל אין א שטוב?

— א, די מאדאם האט מורא מען זאל איר נישט אוועקגנבענען דעם אוצר! — ווארפן צו אנדערע מיט גאל.

— דער ניילאן לאזט נישט צו קיין שטויב צו די קליידער, צום קערפער — ענטפערט רואיק די פרוי און לאזט אראפ דעם קאפ צו איר ארבעט.

די פרויען ארום זענען נערוועאיש און צעטראגן. אפט וויינען זיי שטיל, ווי אומבאהאלפענע קינדער. אפטער אבער לאכן זיי הויך אויפן קול פון זייער הילפלאזיקייט און זינלאזן זיצן טעג און נעכט אויף דער ערד אויף די פעקלעך. אנדערע באוונדערן די פרוי אין ווייסן ניילאן־מאנטל, איר רואיקייט און פעסטע האלטונג און פרעגן מיט דרך־ארץ:

— מאדאם, ווי האט איר געדולד צו שטריקן אזא געבלימלטן מוסטער אין אזא רעש און ענגשאפט?

— אזוי פארגייט גיכער די צייט — ענטפערט זי גוטמוטיק מיט א בלאסן שמייכל אויף די ליפן, מיט א ווארימע שטים, וואס האט אין זיך אי זיכערקייט אי פארגעבונג, און שטריקט ווייטער. די דינע שפיזלעך באוועגן זיך גלייכמעסיק אין אירע הענט, ווי זי וואלט אויסגעקלאפט דעם טאקט צו א ניגון. אירע לאנגע, שמאלע פינגער קלייבן איבער צווישן די פעדים, ווי איבער קלאווישן. ביי די קלאווישן איז איר לעבן פארגאנגען. צווישן די קלאווישן איז איר בענקשאפט געבליבן. פארלוירן זענען געגאנגען אלע מוזיק שילער, ווי עס גייען פארלוירן די פעדים צווישן אירע פינגער. זי האט נישט בדעה מיט קיינעם צו רעדן, ווי

קיינער גואלט ארום איר נישט געווען. פון צייט צו צייט הייבט זי אויף איר בליק צום ווינקל, ווי פון דארט וואלט א שיין געלויכטן צו איר פינצטערקייט. און דאך צווייפלט זי. זאל „ער" עס זיין? דער, וואס האט זיין אייזערנעם ווילן געקאנט אנווארפן אלע ארום? דער, וואס האט אויפן וועג צו זיין ציל געקאנט צעטרעטן אלץ, וואס האט אים געשטערט?!... ווי געבראכן איז ער — האט זי אין זיך אריינגערעדט אָן שום געפיל פון נקמה צי פרייד, אויך ער איז שוין גרוי... ס׳פנים גערונצלט... ווי אש...

זי פרעגט אלץ א פארוואונדערטע, ווי זי וואלט עס בשום אופן נישט געקאנט פארשטיין: „ער" אין א צעקנייטשטן הוט, אין א שמוציקן מאנטל אויס־געצויגן אויף דער ערד? דער עסטעט און פעדאנט?

— דאס איז „ער" — האט פלוצים פון איר נשמה ארויסגעשריגן א קול און מיט אַ חשבון־הנפשדיקן ציטער האט זי גענומען זוכן אין איר רוקזאק. ארויס־געצויגן א גראבן, געבונדענעם אלבום. ציטערדיק גענומען מישן די בלעטער, פון יעדן ארויסגעלייענט א קאפיטל פון איר לעבן. ווי אויף א פילם באנד רוקן זיך א דורך אירע אלע יארן. דא זענען מיר געווען אין... אין די אלפן, דערמאנט זי, פארבלענדעט פון דער ווייסקייט פון די בערג שפיצן, וואס האבן זיך אייגעקריצט אין איר זכרון. אין דא... אין אסטענדא,ביים ים... אן אינערלעכער ספאזם האט זי גענומען שטיקן. זי האט אירע פינגער ארויפגעלייגט אויף זיין קאפ האר, ווי געוואלט זיי דארט אריינגראבן, ווי זי פלעגט עס טאן מיט דרייסיק יאר צוריק.

אבער קיינער האט נישט באמערקט און זי ווייס אליין נישט, ווי אזוי איז דאס געשען, אז זי האט פון זיך אראפגעווארפן דעם ניילאן מאנטל, גענומען דעם טערמאס אין דער האנט און אין אירן ריינעם ציכטיקן קליידל מיט רואיקע, שטילע טריט צוגעגאנגען צום ווינקל. גארנישט זאגנדיק, איינגעגאסן א טעפל הייסע קאווע און דערלאנגט צו זיין מויל.

ער האט קוים אויפגעמאכט די אויגן. דורשטיק געטרונקן, ווי א הייסער ווייץ וואלט אים אנגעצונדן, און אוועקגעזעצט זיך מיטאמאל אויף דער ערד. מיט די רויטע, ווי מיט בלוט פארגאסענע אויגן ארומגענומען די פרוי און א קאלטער שווייס האט גענומען רינען איבער זיין פנים.

— בערטא... האט ער ארויסגעשטאמלט און באהאלטן דעם קאפ אין די הענט. ער וועט נישט בעטן זי זאל אים מוחל זיין, ווייל דאס האט איצט

נישט קיין זין, ער וועט אויך זיך נישט פארטיידיקן, ווייל ד'אס קאן איצט גארנישט העלפן. ער פרעגט נאר פארלוירן, ציטערדיק:

— פארוואס קאן איך נישט שטארבן, ווען עס איז שוין געקומען דער סוף?

צוזאמנעמענדיק זיינע צעווארפענע זאכן ענטפערט זי מיט א קול ווי דינע זילבער־גלעקלעך וואלטן געקלונגען:

— פיל מאָל שטארבט דער מענטש אין זיין לעבן און פיל מאָל ווערט ער ווידער געבוירן...

# צווישן צווי ראַציעס

פון קאָאָפּעראַטיוו איז גאָלדע אַרויסגעגאַנגען אַ צעשויבערטע, אַ פאַר־שוויצטע, איינגעקורטשעט אין זיך, ווי זי וואָלט פאַר די פאַר שעה שטיין אין דער ריי דאַרער און קלענער געוואָרן.

מיט דער שווערער שיסל פּראָדוקטן אויף די טרעפּ געשלעפּט זיך, קוים צו צו דער טיר פון דער שטוב. אַוועקגעשטעלט די שיסל אויף דעם טיש און ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים שווער אַנידערגעפאַלן אויף דעם בענקל.

— גאָט צו דאַנקען, די ראַציע אַרויסגענומען, — האָט גאָלדע לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווי אַ שווערע לאַסט וואָלט פון אירע פּלייצעס אַראָפּגעפאַלן. גלייך האָט איר שטערן זיך ווידער איינגעקנייטשט, די אויגן אויסגעפּילט די זעלבע שרעק, וואָס זויגט טאָג־איין, טאָג־אויס אירע כוחות.

— די ראַציע, — האָט זי נאָך אַמאָל איבערגעחזרט, — משטיינס געזאָגט, פאַר וועמען זאָל דאָס פריער סטייען?

אין דער שיסל זיינען געלעגן עטלעכע טאַרבעלעך מיט מעל, צוקער און קאַשע. אַ שאַכטל מיט האָניק, אַ טעפּעלע מיט מאַרמעלאַד, אַ ברויט און אַ זעקעלע קאַווע. גאָלדען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די טאַרבעלעך מיט שפּייז לאַכן פון איר, חוזקן, פרייען זיך מיט איר צער.

— עסן, גיב זיי! — האָט גאָלדע מיטאַמאָל זיך אַנגעצונדן אין כעס. באַלד וועלן זיי קומען פון די שאָפן, ווי די וועלף... אַ וואָרף טאָן זיך אויף דער ראַציע און אויספּערטיקן אויף איין זיץ! און מאָרגן, וואָס וועט זיין מאָרגן? איבער גאָלדעס קערפּער איז אַדורך אַ ציטער. זי האָט פאַר זיך געזען די איינגעפאַלענע הונגעריקע אויגן פון די זין, זייערע בלויע ליפּן און האָט פאַרבראָכן די הענט אַ פאַרצווייפלטע.

— כאַטש נעם און צעשנייד זיך — ווידער אַוועקגעבן דעם לעצטן ביסן, פאַר זיך לאָזן נאָר אויף די נשמה צו דערהאַלטן.

גאלדע האט קיינמאל פון קיין גוטס נישט געוווסט. שווערע ארבעט פון די יינגסטע יארן, נאך דער מאמעס טויט אליין אלע קינדער אויסגעהאַ־דעוועט, קיינמאל קיין פרייע שעה נישט געהאט. נאך דער חתונה א נייע הארעוואניע, נייע הארץ־קלעמעניש. יארן לאנג ביי דער קינדער־וויג צוגע־בונדן געווען, ווי א הונט צו דער קייט. אליין די קינדער אין חדר געפירט, מייסטערס געזוכט, פאכן געלערנט, דעם גאנצן עול פון דער שטוב געטראגן. און איצט? ארבעטן פון פרימארגן אין שאפּ, אפשטיין האלבע טעג אין די רייען, ביז שפעט אין דער נאכט קאכן, וואשן און קיינמאל נישט דערעסן... טיילן זיך מיט דעם לעצטן ביסן... ניין, מער קאן איך נישט — האט זיך גאלדע געראנגלט מיט זיך אליין — איך... איך... וויל אויך איבערלעבן! איך בין אויך א מענטש.

מרדכי איר מאן, איז געלעגן אין בעט, האט זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, ווי עס וואלט אים ענג געווען, קיין ארט פאר זיך געפינען נישט געקאנט. זיין פנים איז געווען דאר און פארטריקנט, די הויט קוים די ביינער באדעקט. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז נאָר דער קאפּ שטייגט ארויס פון דעם בעטגעוואנט און דער קערפער איז ערגעץ־ווו איינגעשרומפּן, פארלוירן געווארן. גאלדע האט געקוקט אויף אים און א פארגליווערטע דערהערט איר אייגענע שטים:

— וואס וועט זיין דער סוף פון דעם ליגן? א מענטש ליגט און ליגט... דריי יאָר און נישט אהער און נישט אהין...

אזוי ווי ער האט דעם ערשטן דייטש דערזען, איז אים א שרעק באפאלן, אונטערגעהאקט די פיס צוגעקאָוועט צום בעט, אויס מענטש געווארן, אויס! — און אפשר איז ער קיינמאל קיין מענטש נישט געווען? — איז איר פלוצלונג א געדאנק געקומען. קיינמאל נישט געטראגן דעם עול פון דער שטוב, פאר די קינדער. נאר כאטש אויף די פיס ארומגעגאנגען... אמאל פון דער גאס וואס אהיימגעבראכט, א ווארט ארויסגערעדט, און היינט — לא־עלינו! גאט זאל נישט שטראפן פאר די רייד... א לעבעדיקער מת אין דער שטוב.

— א לעבן איז געווארן... א לעבן... — האט גאלדע שווער אפגעזיפצט. אפילו ירחמיאל, דער גוטער שטילער ירחמיאל, ווי א צערייצטער הונט געווארן. שטענדיק דעם לעצטן גראָשן אהיימגעברענגט, וועגן זיך קיינמאל נישט גע־טראכט און איצט וואלט ער פון טויטע און לעבעדיקע געריסן, אַבי זיינס

צו באקומען... און שלמה? ... א כעסן געווארן. קאָן קיין מענטש נישט פארטראגן, א בייז הארץ געקריגן... נאר שרה׳לע איז דאס זעלבע קינד געבליבן. גרייט דאס לעבן פאר דער היים אוועקצוגעבן. ברעכט זיך נעבעך דעם קאפ פאר אלעם... נאר וואס איז זי לעצטנס אזוי מאָדנע פריילעך, זינגט, קאמאנדעוועט מיט אלע, מאכט לאכעדיק די שטוב שייערט, ראמט ביז שפעט אין דער נאכט... אדער ווערט פלוצלינג פארשלאסן, דרייט זיך ארום אין דער שטוב, ווי א פרעמדע און טראכט, טראכט, טראכט.

גאלדעס הארץ האט א צאפל געטאן... וועגן וואס טראכט שראה׳לע? און וואו ווערט זי נאך דעם ראמען פארשווונדן?... זוכט נאר א געלעגנהייט, ווי זיך ארויסצוכאפן פון שטוב... אנטלויפן...

„עפעס איז מיר דער „ווינער" צו פיל מחותן מיט איר... וואס דרייט ער זיך אלעמאל?... דא נאך א שוועבעלע, דא פרעגן ווי שפעט עס איז. קארג זייגערס האבן זיי מיט זיך מיטגעבראכט" — האט גאָלדע געטראכט מיט בייזקייט.

די דייטשע יידן, וואס זיינען אין געטאָ פארטריבן געווארן, האט גאלדע נישט געקאָנט אנקוקן, איבער דער שוועל זיי נישט געוואלט לאזן. איבער די דייטשע יידן האט גאָלדע אפטמאל זיך געקריגט מיט מרדכין.

— משומדים... ליידיקגייערס... פריצים! געקומען אין געטא מאכן א יקרות און פאר אלץ צאלן זיי מיט מארקעס, צאלן זיי!

מרדכי האלט אבער, אז דאס זיינען יידן... ער טענהט, אז אזוי פירט גאט די וועלט... אז זיי זיינען אוועק פון יידישקייט... צו ווייט פארקראכן. האט זיי גאט דעם וועג פארשטעלט... צוריק־געפירט...

און איצט אין דעם „ווינער" שכן זעט גאָלדע א ניי אומגליק. פאר אירע אויגן זעט זי אן אויסגעשטרעקטע גיריקע האנט, וואס ציט זיך אויס נאך שרהלען, וויל זי אפרייסן פון דער היים, צונעמען.

מרדכי האט זיך איבערגעוועקט, אנידערגעזעצט אויפן בעט און א פארשלאפענער ארומגעקוקט זיך איבער דער שטוב. זיין בליק האט זיך פאר־האלטן אויף דעם טיש מיט די פראדוקטן און דאס פנים האט זיך באדעקט מיט א קינדישער פרייד.

— א... האסט ארויסגענומען די ראציע? נו, נעם זיך צום פארטיילן...

— באַלד, באַלד, האט גאָלדע אים צוגעווארפן, — מירןווארטן אויף די קינדער. וועסט נאך באוויזן אלץ אויפצועסן...

זי האט זיך אוועקגעשטעלט, די הענט ארויפגעלייגט אויף דעם טיש, ווי זי וואלט געוואלט די זעקעלעך מיט די פראדוקטן פארשטעלן, באשיצן פאר זיינע בליקן. מרדכי האט זיך געלייגט, מיט מאַטע אויגן געקוקט אויף גאָלדען, געשוויגן.

2

די טיר האט זיך אויפגעמאכט. אין שטוב איז אריינגעקומען ירחמיאל, דער יינגערער זון. ער איז געווען א הויכער, בלאסער יונגערמאן. זיינע העלע וואסערדיקע אויגן האבן מיד ארויסגעקוקט פון די טיפע אויגנלעכער. דעם נישט־פארקנעפלטן מאנטל האט ער פאמעלעך פון זיך אראפגעצויגן און שווער אנידערגעזעצט זיך ביים טיש, ווארעם און ליבלעך האט ער געקוקט אויף דער מאמעס פנים און ווי שולדיק געפרעגט:

— ביזט לאנג געשטאנען, מאמע?... —

— גענוג אויף צו בלייבן אָן פיס און אָן זייטן! — האט גאָלדע מיט ביטערקייט געענטפערט, — נאר וואס? גאט צו דאנקען... ווי לאנג די פיס טראגן, וועל איך מיינס טאן... שפעטער וועט איר אליין גיין — האט זי פארענדיקט מיט א דערשטיקט קול.

— לאז צורו מיט די טרויעריקע מחשבות, וועסט זען, מירן זיי אלע איבערלעבן...

ער האט געוואלט בארויקן די מאמע, טרייסטן זי, נאר זיין קול איז געווען אויך אזוי טרויעריק און פארצווייפלט. דעם גאנצן טאג ביי דער ארבעט האט ירחמיאל געאיילט, געוואלט וואס גיכער אויספארטיקן דעם בארג ארבל, וועלכן דער מייסטער האט אים צוגעטיילט. דעם טאג האט ירחמיאל מיט אנדערע אויגן געקוקט אויף דעם שאַפּ. אלץ האט אויסגעוויזן פריילעכער, לעבעדיקער.

עס האט זיך אים געדאכט, אז דאס רעדל פון דער מאשין דרייט זיך זינגענדיק: אַ ראציע, אַ ראציע, אַ ראציע.

ביי דער ארבעט האט ירחמיאל באשלאסן א סוף צו מאכן מיט דעם הונגער:

— איין מאל פאר אלע מאל א סוף. איך מוז זיך די ראציע פארטיילן, זאל זיין יעדן טאג א ביס... נאָר נישט זיצן גאנצע טעג מיט א ליידיקן מאגן... וואס הייסט דאס מיט איין מאל אלץ אויפעסן? איך זאל אויף זיך קיין דעה נישט האבן? נישט קאָנען לעבן מיט א חשבון? — האט זיך ירחמיאל געבייזערט אויף זיך אליין.

אפטמאל ביי דער ארבעט האט ירחמיאל פונדערווייטנס באַטראַכט פרידריכן, דעם פארטריבענעם יונגערמאן פון טשעכאָסלאָוואַקיע.

„אָט א יונג — אַ יאָט! — האט ירחמיאל געטראכט, — ער וועט איבערלעבן"...

ירחמיאל האט געוווּסט, אז פריד, אזוי האבן אים גערופן די ארבעטער, איז איינער אליין, אָן קרובים, אָן באקאנטע געקומען אין געטא מיט דעם טשעכישן טראנספארט. ירחמיאל האט שטענדיק באטראכט זיינע ריינע העמדער, געפוצטע שיך, ווי אלע זיינע זאכן זיינען אין ארדנונג. ער האט ליב געהאט צוקוקן זיך פון דערווייטנס, ווי פריד גרייט זיך צום פרישטיק, ווי ער וואשט די הענט, רייניקט דעם ארבעטס־טיש און באדעקט אים מיט א ווייס טישטעכל.

„מסתם פון א גוטער היים" — האט ירחמיאל אין זיך געטראכט און צוגעקוקט זיך, ווי פריד צעלייגט די דינע, ווי פליס־פאפיר, שטיקלעך ברויט און שמירט זיי מיט א סאלאט פון קרויט, אדער בוראק־בלעטער, פארענטפערנדיק זיך מיט א שמייכל:

— מען מוז מיט דעם הונגער מלחמה האלטן... איך וועל זען ווער איז שטארקער: איך, אדער ער? — האט פריד גערעדט האלב־טשעכיש, האלב־דייטש. אין אלגעמיין איז פריד געווען א פארשלאסענער אין זיך, זעלטן מיט וועמען גערעדט, ווי ער וואלט מיט קיינעם קיין געמיינזאמעס נישט געהאט. אמאל האט ירחמיאל געטראפן פרידריכן פארנאכט אויף דער גאס שטארק איילנדיק זיך. מיט ביידע הענט האט ער וואס אונטערגעהאלטן אונטערן מאנטל, געוואלט זיך ווי אדורכשארן צווישן די מויערן. עס האט זיך אים אויסגעוויזן, אז פרידריך האט פון ערגעץ־ווו ארויסגעצויגן א ברעטל און וויל גיכער מיט דעם האלץ אנטלויפן אהיים. ווען ער איז אבער נענטער צוגעגאנגען צו פרידן, האט ער באמערקט, אז דאס איז א פוטעראל פון א פידל.

ירחמיאלן איז אלץ קלאָר געווארן, הייסט עס, פריד איז א מוזיקער. מסתמא אויף קאנצערטן געשפילט, אדער סתם פאר זיך... און אויב פריד

קאַן זיין א שניידער, אליין וואשן וועש, קאכן און אויסקומען מיט א פערטל קילאָ ברויט א טאג, מוז איך אויך קאָנען — האט ירחמיאל פעסט באשלאסן אין זיך.

דעם טאג האט ירחמיאל געקוקט אויף די ארבעטער מיט א באזונדער רחמנות. ער האט זיי אויך באצייכנט מיטן נאמען „קלעפסידרעס", ווי מען האט זיי גערופן אין געטא. יאגן זיך אליין, צו צום טויט... ווילן נישט פארשטיין, אז זאט ווערן איז דאס זעלבע, וואס שטארבן... ס'מוז געגוג זיין פון צייט צו צייט א ביס טאָן... נאָר דאס הארץ אונטערצוהאלטן...

פון דער ארבעט היינט איז ירחמיאל אוועקגעגאנגען, ווי אַן אויסגעלייטער־טער. געגאנגען איבער די גאסן רואיק טראכטנדיק: „היינט וועל איך דאס ברויט אפשפארן... מסתמא וועט זיין א זופ פון דער ראציע"... וואס נענטער ער איז אבער געקומען צו דער היים, האט ער מער זיין רואיקייט פארלוירן. און איצט זיצנדיקביים טיש, האט ער זיך דערפילט שוואך. דער גאנצער מוט האט אים פארלאזן. א פאראומערטער שווייגנדיק געקוקט אויף דער קאלטער פליטע.

— מירן היינט נישט קאכן — האט גאָלדע אונטערגעכאפט זיין בליק, — מירן היינט אפשפארן די פראדוקטן און עסן ס'ברויט...

אין שטוב איז אריין שרהלע מיט שלמהן. ביי זייער אנקומען איז די מאמע צו צו דער שאנק און ארויסגענומען די וואָג מיט די געוויכטער.

דער טאטע איז אראפ פון בעט א באָרוועסער, צו צו דער וואג, דערלאנגט זיינע כלים און נישט דרייסט, ווי א פארשעמטער געבעטן:

— גאָלדע, גיב מיר...

אלע אויגן זיינען נאכגעגאנגען דעם צינגל פון דער וואג, ווען שלמה האט גענומען טיילן די מארמעלאדע פאר יעדן גלייך צען דעקאָ.

איינגעקורטשעט אין זיך, ווי א פארטריקנטער בלאט אויף דער קעלט, האט אויסגעזען זיין פנים. ער האט זיך אומגעדולדיק געדרייט, נישט געקאָנט זיך דערווארטן. גענומען א לעפעלע און איינגעטונקען אין דער מאמעלאדע. מרדכי האט אבער נישט באוויזן צוצופירן דאס לעפעלע צום מויל, ווי שלמה האט בייז א ברום געטאן:

— אויב יעדער וועט פאַרזוכן, בלייבט שוין גאָרנישט צום טיילן.

— נאָר א לעפּעלע... — האָט זיך דער טאַטע געפּרוווט פאַרטיידיקן, — ס׳איז היינט אַן איבערוואַג...

— נאָר א לעפּעלע — האָט נאָכגעשפּעט שלמה, — א לעפּעלע און א לעפּעלע, און באַלד איז נאָך דער ראַציע! שטענדיק נעמסטו צו לעפּעלעך...

מיט איין שפּרונג איז דער טאַטע צו צו שלמהן. זיין פּנים איז ווייס געוואָרן, דער שטערן האָט זיך מיט א קאַלטן שווייס באַדעקט. מיט א דער־שטיקט קול האָט ער קוים אויסגעשריגן:

— דו שייגעץ איינער... איך וועל דיר ווייזן, ווער עס נעמט לעפּעלעך... אַזא יונג! לעפּעלעך נעם איך ביי אים... דו... דו...

ער האָט זיך פאַרכליניעט און אויפגעהויבן די פויסט.

שלמה האָט דעם טאַטנס אויפגעהויבענע האַנט אָנגענומען און קאַלט געפרעגט:

— ווילסט מיך שלאָגן... כ׳בין א יינגעלע, מיינסטו, האַ?

— שלמה — האָט שׂרה׳לע אויסגעשריגן און זיך צעוויינט.

— ס׳איז א טאַטע! א טאַטע — האָט גאָלדע אָנגעהויבן שטאַמלען. — דרך־ארץ! נעם דיר צוריק פון מיינס... נאָר שטיל זאָל זיין... די שכנים הערן!...

— היינט איז אַלץ איינס... האָט שלמה בייז געבורמעט, — יעדער וויל איבערלעבן...

צווישן שלמהן און דעם טאַטן האָט זיך שׂרהלע אריינגעשטעלט, ווי זי וואָלט געוואָלט דעם טאַטן פאַרשטעלן, באַשיצן.

א צעטומלטע איז גאָלדע געשטאַנען, אַרומגעקוקט זיך איבער דער שטוב. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אַ שׂרפה האָט אַרומגענומען איר הויז און פאַרכאַפּט אַלץ, אַלץ!

— אַזאַ פייער, אַזא פייער — האָט זי קוים אַרויסגעשטאַמלט.

— איך וועל טיילן — האָט ירחמיאל געזאָגט און גענומען זיך צום צעשיטן דעם צוקער יעדן באַזונדער אויף זיין טעלערל.

דער טאטע האט זיין חלק גענומען, צוריקגעגאנגען אין בעט, אויסגעלייגט דאס ברויט, דעם צוקער אויף דער דעק און גענומען זיך צום עסן די מארמעלאדע.

— מרדכי וואָס טוסטו? ביסט א שונא אויף דיינע יאָרן! — האט גאָלדע זיך שיער נישט צעוויינט. וואס וועסטו טאן מארגן? זאג?

מרדכי האט גארנישט געענטפערט. ווי א קינד מיט א שפיל־צייג האט ער זיך מיט דעם ברויט געשפילט, געוויגן אין די הענט, צוריק־געלייגט און ווידער גענומען, ווי געוואלט זיך זעטיקן מיט די בליקן אויף לאנג, לאנג.

פון דער ווייטן האט שרהלע באטראכט דעם טאטן. אירע אויגן האבן זיך ברייט צעעפנט, ווי זי וואלט דערזען עפעס נייעס, פרעמדס און נישט געקאָנט באגרייפן.

די ראציע איז צעטיילט געווארן. יעדער האט זיך מיט זיין חלק באזונדער אוועקגעזעצט. אין שטוב איז שטיל געווארן. עס האט זיך נאר געהערט דאס קייען.

דער ערשטער האט זיך פון טיש אויפגעהויבן ירחמיאל, אריינגעלייגט די ראציע אין זיין קעסטעלע און זיך גענומען אויסטאן.

גאָלדע האט א פארזארגטע געקוקט אויף שלמהן, געזוכט א פאסיק ווארט, ווי צום איבעררעדן אים, ער זאל דאס ברויט אוועקלייגן און, נישט געפינענדיק, בייז אויסגעשריגן:

— וואס האסטו זיך אנידערגעזעצט ווי צום סדר? מיינסט, אז מארגן וועסטו באקומען א נייע ראציע?

— אלץ איינס, — האט שלמה רואיק געענטפערט, — סיי ווי וועל איך נישט איבערלעבן. כאטש איינמאל זאט ווערן צו אלדי רוחות!

די מאמע האט אויף אים א קוק געטאן און ווי זי וואלט זיך דערשראקן פאר זיין פנים, אוועקגעגאנגען פון טיש.

— גיי שלאפן מאמע, גיי — האט שרהלע נאך אמאל איבערגעחזרט און ווארעם ארומגענומען די מאמע, געגלעט אירע באקן, די האר, רעדנדיק מיט א פארצויגן קולכל:

— האסט זיך היינט אין דער ריי פארמאטערט, געענוג כוח פארלוירן. גיי מאמעלע, גיי...

ביי די ווערטער האט זיך שרהלע גענומען צום ראמען די שטוב. אפגע־רייניקט דעם טיש נאכן עסן און אנגעהויבן וואשן דאס געפעס פון נעכטיקן מאלצייט.

פון אלע בעטן האט זיך געצויגן א שטילער, סאפּענדיקער אטעם, אויס־געמישט מיט א כריפּענדיק קרעכצעריי פונם טאַטן.

דער זייגער האט רויק און מאָנאָטאָן געוויגט: טיק־טאַק, טיק טאַק, טיק־טאַק. שרהלע האט געקניט אויף דעם דיל, געהאלטן אין די קליינע הענטלעך א שייער־בארשט און געריבן, געשייערט דעם דיל מיט א קינדישער עקשנות, ביז די ברעטער זיינען געווארן קלארע, העלע.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן איז שרהלע אלט געווען פערצן יאר. זי איז געווען א שלאנק נישט אנטוויקלט מיידל, א נישט דרייסטע, א שעמעוו־דיקע. די דריי יאר אין געטא האבן זי רייפער געמאכט, ווייבלעך קלוג, נאר אין די גרויסע ביר־אויגן איז דער זעלבער קינדישער אויסדרוק געבליבן. די פארוואונדערונג פון א קינד, וואס קוקט אויף דער וועלט און פארשטייט זי נישט. זי האט געזען דעם חורבן ארום און איר הערצל איז געווארן פול מיט שרעק, עס זאל צו איר היים נאר נישט אנקומען. דערהאלטן איר היים — איז געווארן דער ציל פון איר לעבן! אלץ טאן, נאר דעם טאטן מיט דער מאמן זאל גארנישט געשען. אזוי איז עס געווען ביז אויף דעם הויף האבן זיך אריינ־געצויגן די ווינער יידן. מיט דעם אנגעקומען פון די נייע שכנים האט שרהלע אלץ אפטער אנגעהויבן ארויסגיין פאר דער טיר, באטראכט די פרויען פון טראנספּארט, מיט אַ געבראכענעם דייטש זיך מיט טייל צענויפגערעדט.

דער איינזאמער מאן, וועלכער האט מיט קיינעם נישט גערעדט, אליין ארומגעדרייט זיך איבערן הויף, אדער מיט אן אראפּגעלאזטן קאפּ געזעסן ביי דער פּלומפּ, האט פון דער ווייטנס שרהלען באטראכט און איין מאל שטיל מיט ווייטיק געזאגט מער צו זיך, ווי צו שרהלען:

— אינגאנצן ווי מיינע... אינגאנצן...

— איר האט אזא טאכטער געהאט? — האט שרהלע מיט מיטגעפיל געפרעגט און נישט דרייסט זיך אנידערגעזעצט דערנעבן.

זינט דעם אוונט האט שרהלע איר רויקייט פארלוירן. נישט געקאנט זיך דערווארטן ביז עס וועט פינצטער ווערן און דער אומעטיקער ווינער וועט ארויס

אויף דעם הויף ווידער דערציילן פון זיין היים, פון די קינדער, פון די גרויסע שטעט אין אויסלאנד... „אלץ ווייסט ער, אלץ!״ — האט שרהלע געטראכט אין זיך און פעסטער געריבן דעם דיל. איר פנימל האט זיך פארויטלט, זי האט געשמייכלט צו זיך, ווי זי וואלט זיך דערמאנט עפעס גוטס, ליבס. פאמעלעך און שטיל האט זי פארדעקט דעם נאסן דיל. אפגעוואשן זיך און אנידערגעזעצט ביים שפיגל... זי האט א ווײַלע באטראכט די פנימער אין די בעטן און שטיל געזאגט צו זיך:

— זיי שלאפן שוין... הערן נישט...

שרהלע האט זיך א צווייט קליידל אנגעטאן. פארקאמט די האר און ווידער זארגעוודיק פארקוקט אין שפיגל, ווי זי וואלט זיך אליין נישט געפעלן געווארן, נישט צופרידן מיט זיך געווען און שטיל אויף די שפיץ פינגער ארויסגעגאנגען פון דער שטוב.

3

די מאמע האט אין שלאף דערהערט א שארך און א דערשראקענע געפרעגט אין דער פינצטער:

— ווער איז דא?

— שלאף... שלאף... — האט שרהלע די מאמע בארויקט און גלייך אריינגעגליטשט זיך אין בעט ווי א קעצל.

— וואס איז מיט דיר? — האט גאָלדע גענומען זי אויספרעגן אַן איבערראשטע. — ווו ביסטו געווען אזוי שפעט?

— איך... איך... בין געווען ביים ווינער, — האט שרהלע נישט דרייסט אנגעהויבן.

— וואס האסטו ביי אים געטאן? — האט גאָלדע זי גענומען אויספרעגן. — ווו איז דאס געהערט געווארן, אז א מיידל...

— איך האב אים אפגעקאכט א זופ, — האט שרהלע שטיל געזאגט.
— ער האט ארויסגענומען די ראציע און קאָן קיין זאך נישט מאכן... כ׳האב געוואלט ווייזן, אויסלערנען אים...

— נישט דיין עסק, — האט גאָלדע בייז איבערגעריסן. — זאל ער זיך אליין קאכן, דער פריץ! מען גייט נישט צו פרעמדע...

— ער איז נישט קיין פרעמדער — האט שרהלע געפּרוווט זיך פאַרטיידיקן און נענטער זיך צוגעטוליעט צו דער מאַמען. — ער איז א געלערנטער, א וויכטיקער מענטש... אַלע זיינע קינדער זיינען אין אויסלאַנד... ער איז אַליין געבליבן, אינגאַנצן אַליין.

— יאָ, גלויב אים — האט די מאַמע איבערגעריסן. מסתמא א דייטשקע פאַר א ווייב געהאַט! זיי אַלע זיינען אַזעלכע... משומדים!

— נישט אמת — האט שרהלע דער מאַמען איבערגעשלאָגן. — זיין פרוי איז א יידישע געווען. ער האט מיר דערציילט, אַז די דייטשן האָבן זי דערשאָסן. ביי אים איז א יידישע שטוב געווען. איך האָב ביי אים א טלית געזען... ער איז נישט אַזוי... ווי די אין שאַפּ. ער איז אינגאַנצן אַן אַנדערער...

נישט גלויבנדיק די אייגענע אויערן, ווי אַן עכאָ, האט די מאַמע איבער־געחזרט:

— און ווי זיינען זיי, די אין די שאַפן?

— גאָרנישט, גאָרנישט, — האט שרהלע שטיל געענטפערט, אַראָפּלאָזנדיק נידעריק דעם קאָפּ, פאַרוויטלט זיך אין דער פינצטער, געשוויגן.

— אָבער וואָס איז מיט דיר? זאָג, דערצייל — האט גאָלדע אומרויִק אויסגעפרעגט.

— איך ווייס נישט, — האט שרהלע מיט א טרויעריקער שטים אָנגעהויבן, — עס איז מיר שטאַרק א רחמנות אויף דעם „ווינער". ער קאָן זיך קיין עצה נישט געבן, ער גייט אויס...

— שלאָף, שרהלע, שלאָף. מיר קאָנען גאָרנישט העלפן... טראַכט נישט פון אים — האט גאָלדע געזאָגט מיט א געגעץ. אירע אויגן האָבן זיך צוגעמאַכט. נאָך א ווײַלע האט שרהלע דערהערט א טיפן שנאָרך פון דער מאַמעס האַלדז. זי האט אירע שלאַנקע הענטלעך אַרום דער מאַמעס קאָפּ פאַרוואָרפן און שטיל אַרייַנגערעדט אין איר אויער:

— מאַמעלע, ער איז אַזאַ גוטער... אַזאַ פיינער! דערציילט אַזוי פיל שיינע זאַכן... בילדער געוויזן פון בערג, פון ימים. אומעטום איז ער געווען, אומעטום! — האט זי געפּליסטערט א באַגייסטערטע.

פון טאטנס בעט האט זיך דערהערט א ווײ־געשריי און גלייך א כאָרכלענ־דיקער אטעם, ווי ביי א מענטש, וואס טרינקט זיך.

שרהלע איז אויפגעציטערט געווארן. עס האט זיך איר געדאכט אז דער ווינער קרעכצט אזוי שווער. א שרעק איז זי באפאלן, ער זאל נאָר נישט קראנק ווערן, נאר נישט קראנק ווערן! — האט שרהלע געבעטן אין דער פינצטער. — ביים טאטן האט זיך אויך אנגעהויבן פון קלייניקייטן און איצט קאָן ער אויף די פיס נישט שטיין אפילו. ביי אים זיינען אויך די פיס שוואך... היינט אָזעלכע שווארצע רעדער אונטער די אויגן געהאט. אפילו ווען ער האט געלאכט ביים עסן, זיינען זיינע אויגן אויך פול מיט טרערן געווען.

שרהלען האט זיך אויסגעמאלט: דער ווינער איז קראנק... ער איז איינער אליין, פארלאזן... קיינער איז נישטא. פון אירע אויגן האבן זיך טרערן א לאז געטאן. דאס הערצל האט שטארקער אנגעהויבן קלאפן. ער שטארבט, ער שטארבט! — האט זי שיער נישט אויסגעשריגן אין דער פינצטער. זי האט איינגעטוליעט דעם קאפ אין קישן און לאנג געוויינט.

4

עס איז אַדורכגעגאנגען א וואך. די זעקעלעך מיט שפייז זיינען אויסגע־ליידיקט געווארן. גאָלדע איז ארומגעגאנגען איבער דער שטוב, ווי א נישט־קלאָרע. געזוכט, גענישטערט אין די ווינקלען א פארגעסענעם בוראק, א קילאָריב, איז צו צום אויוון און נאך א ווײלע ווידער אנגעהויבן זוכן. איז דאס מעגלעך אין דער שטוב זאל זיך גארנישט געפינען, גארנישט!? ווי אזוי דערלאנגען די קינדער די וואסער־זופ מיט א פאר גרויפן פארשיט? און מארגן וועט דאס אויך נישט זיין! דריי טעג צו דער ראציע געבליבן און אזוי פארטיילט זיך... אזוי פארטיילט! — האט גאָלדע זיך נישט געקאָנט בארויקן. אין איר טארבעלע איז נאך געלעגן א ראציע ברויט און אן אפגעשפארט רייפטל באזונדער איינגע־וויקלט אין א טישטעכל. פאר וועמען עס זאל זיין דאס רייפטל האט גאָלדע נישט געקאָנט באשטימען. שלמה ארבעט שווער א גאנצן טאג. עס זאגט זיך נאָר אזוי, אז „ביי שטרוי" איז א לייכט לעבן... ביז מען קומט אין רעסאָרט, ווערט מען פטור דאס געזונט! און דער וועג אויף צוריק? — האט גאָלדע געטראכט, ווי זי וואלט געווארפן גורל, וועמען זי זאל צוטיילן דאס שטיקל ברויט.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מרדכיס בעט און מאָדנע שטיל האָט זיך איר דער קראַנקען מאַן אויסגעוויזן.

ער איז צו רויק — האָט גאָלדעס האַרץ אַ צאַפּל געטאָן. זי איז צוגעלאָפן צום בעט מיט אַ יאָמער:

— וואָס איז מיט דיר, מרדכי? זאָג, רעד אַ וואָרט?

מרדכי האָט קוים איפּגעמאַכט די אויגן. פון דעם מיט געשווילעכץ אָנגעלאָפענעם פּנים האָבן זיך נאָר געוויזן צוויי שוואַרצע פּינטלעך, ווי אַ לעצט פלעמל פון זיין לעבן.

— גאָלדע... גאָלדע... — האָט ער שוועד סאַפּנדיק געזאָגט... — נעם... אַראָפּ פון מיר... דעם באַרג... ער דריקט מיך צו, איך... איך...

גאָלדע האָט אַראָפּגענומען די דעקע און אויפגעציטערט געוואָרן. מרדכי איז געווען אינגאַנצן געשוואָלן.

אַ צעטומלטע איז זי צו צו איר קישן, גיך אַרויסגענומען דאָס טאַרבעלע מיט ברויט און אים דערלאַנגט.

— עס, עס... — האָט זי ציטערדיק, קוים דערהערבאַר גערעדט... האַלט זיך, האַלט זיך!

זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, כדי דעם מאַן צו דערמוטיקן, נאָר די ווערטער זיינען אין האַלז געבליבן, געשטיקט, מיט טרערן אַרויסגעשוווּמען. שטייענדיק ביים בעט האָט גאָלדע פאַרגעסן אין די הונגעריקע קינדער, אין די ליידיקע טעפּ, אין איר אייגן האַרץ־ווייטיק. אירע פּלייצעס האָבן זיך נאָך מער איינגעהויקערט, דער קאָפּ נידעריקער אַראָפּגעפאַלן די הענט פאַרבראָכן. ווי אומזיניק האָבן אירע ווייסע ליפּן געפּרעפּלט:

— וואָס וועט זיין? טאַטע האַרציקער... דערבאַרעם זיך!

נישט דערהערט, ווען ירחמיאל איז פון דער אַרבעט געקומען, ערשט בעת זיין אַרומדרייען זיך איבער דער שטוב האָט זי געפרעגט:

— ווען ביסטו געקומען, ווי שפּעט איז שוין?

— אַלץ איינס — האָט ירחמיאל טרוקן געענטפערט. — ס'קאָן שוין זיין נאַכט!

ער האט זיך אנידערגעשטעלט ביים בעט און מיט א דערשטיקטן אטעם באטראכט דעם טאטנס אנגעלאפן פנים.

פול מיט רעש איז געווארן די שטוב, ווען שלמה האט נאר איבערגע־טרעטן די שוועל.

„דער דבוק שרייט שוין ארויס פון אים״ — האט גאָלדע געטראכט אין זיך.

גענומען צעשטעלן די טעלער און פארטיילן דאס געקעכטס. שרהלע מיט ירחמיאלן האבן שווייגנדיק געטרונקען די זופּ. שלמה האט אבער נישט אויס־געהאלטן. אוועקגעשטעלט דעם טעלער און מיט פארדרוס ארויסגערעדט:

— איך ווייס נישט, ווי אזוי אנדערע באַלעבאָסטעס קומען אויס, קאָמ־בינירן... טראכטן אויס יעדן טאג נייע „פּאַטראוועס״! און ביי אונדז אַן אונטער־גאנג... גאנצע טעג הונגערט מען... ווו קומען אהין אלע פּראדוקטן?...

גאָלדע איז געזעסן שטיל, ווי זי וואלט דאס לשון פארלוירן.

— וואס ווילסטו פון דער מאמען? — האט שרהלע זיך צעשריגן. — האסט נישט באדארפן אלץ אויפעסן מיטאמאל. ביסט נישט איינער, אלע לעבן אזוי!

שלמה האט אראפּגעלאזט דעם קאפּ. נאר זי איינע האט געקענט זיין כעס איינשטילן.

— וואס העלפט דען דאס טענהן? — האט זיך ירחמיאל אריינגעמישט. אזוי איז עס — און געננוג.

אין זיין זעקעלע איז נאך געלעגן א ראציאָ ברויט. ביי דער ארבעט האט ירחמיאל באשלאסן צו לאזן עס אויף מארגן... מען טאר נישט בלייבן אָן א ביסן, און איצט טרינקענדיק די זופּ, ווייסט ער נישט וואס צו טאָן. אין הארץ נאגט, אין קאפּ א לערקייט ווי דער מוח וואלט אים אויסגערונען. ער האט זיך אויפגעשטעלט פון טיש, אנגעהויבן שפּאנען איבער דער שטוב, ווי וועלנדיק פון זיך אנטלויפן. זעענדיק ווי שלמה טוט זיך אויס, איז ער צו צום בעט, האסטיק אראפּגעווארפן פון זיך די שיך, אריין אין בעט. נאר דער שלאָף האט נישט געוואלט קומען. ירחמיאל איז געלעגן מיט פארמאכטע אויגן. קיין געדאנק, קיין געפיל, קיין ווילן. באלד האט זיך אויך גאָלדע געלייגט. א מידקייט האט זי ארומגענומען. זי האט געוואלט וואס גיכער איינשלאפן, נישט

זען די מאַטע פּנימער, די פּוסטקייט פון דער שטוב. פרי איז דאָס מאָל נאַכט געוואָרן.

אין די בעטן זיינען אַלע געלעגן מיט אָפענע אויגן, ווי געוואַרט אויף עפּעס, וואָס מוז קומען.

עס איז געשוווּמען אַ שעה נאָך אַ שעה. אונטער די דעקעס האָבן זיך די קערפּערס אומרואיק געוואָרפן. די בעטן געסקריפּעט, געוויגט זיך.

מיטאַמאָל האָט ירחמיאל דערהערט אַ שטילן שאָרך... ער האָט זיך אַ ווײַלע טיף איינגעהערט און גלייך פעסטגעשטעלט: „שלמה עסט"...

ירחמיאל האָט זיך איינגענורעט אין דער דעקע, דעם שאָרך נישט געקאָנט פאַרנעמען. באַלד איז ווידער שטיל געוואָרן. עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס איינטאָניקע קלינגען פון זייגער. די נאַכט האָט זיך ווי אָן אייביקייט געצויגן. די לבנה אַ פולע האָט זיך געשטעלט ביים פענצטער, אַריינגעקוקט.

דער טאַטע אויף זיין בעט האָט זיך אַנגעהויבן דרייען אומרויק, אַנידער־געזעצט זיך... איינגעהערט אַ ווײַלע, און פּאַמעלעך אַרויסגעשטעלט די פיס. ירחמיאל און שלמה האָבן דורך די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן געזען, ווי דער טאַטע, קוים הויבנדיק די פיס, האָט זיך גערוקט פאַרויס, אַנידערגעזעצט אויפן דיל ביי דער מאַמעס בעט, אַריינגעשטעקט אונטער דעם קישן די האַנט...

גאָלדע האָט פעסטער אַנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפ'ן זעקעלע ברויט, טיפער אַנגעהויבן אָטעמען. די האַנט אונטער איר קישן האָט זיך טיפער פאַררוקט, געזוכט, קראַמפּהאַפט געצויגן, געצויגן...

מיט אַ שטילן זיפץ האָט זיך גאָלדע אויסגעדרייט צו דער וואַנט, דאָס זעקעלע ברויט האָט איצט מרדכי לייכט אַרויסגעצויגן. אַראָפּגענומען דאָס טיש־טעכל און זיצנדיק אויפן דיל אַנגעהויבן עסן.

ירחמיאל און שלמה האָבן אַנגעשטרענגט געקוקט. נאָר איין שרהלע איז געשלאָפן. אין שיין פון דער לבנה האָט איר פּנימל געשיינט ווי אַ צעבליטער קנאָספּ. אויף אירע ליפּן האָט געציטערט דער ערשטער טרוים.

5

אין דער זעלבער נאַכט איז דער טאַטע געשטאָרבן.

גאלדע איז געשטאנען ביים בעט און אריינגערעדט אין אים:

— ווו לאזטו מיך איבער, איינע אליין...

זי האט מיט די פינגער געפרווט אויפרייסן זיינע אויגן, קלאָגענדיק: „לעב, לעב"!...

זי האט לאנג געוויינט, דער פון חדשים דערשטיקטער צער איז אין טייכן טרערן ארויסגעשווומען. זי האט שוין אליין נישט געוווסט איבער וואס זי וויינט. צי איבער איר ביטער לעבן, איבער דער חרובער שטוב, אדער איבער דער שרעק פאר שרהלען...

אַ מידע, אנגעשפארט דעם קאפ אָן זיין קישן, האט זי ווי איינגעדרימלט. ווען זי האט אויפגעוואכט, האט זי אויפסניי אנגעהויבן קלאגן:

— צוויי טעג פאר דער ראציע! נישט דערלעבט... וואלט זיך נאך דאס הארץ דערכאפט...

די קינדער האבן זיך וועגן טאַטנס טויט דערוווסט, קומענדיק פון דער ארבעט. צו זיין ליגן קרעכצן האבן זיי זיך צוגעווינט. איצט זיינען זיי ביי זיין בעט געשטאנען דערשטוינטע. ווי אזוי איז דאס פלוצלינג געשען? זיי האבן מיט שרעק זיך אויסגעפרעגט:

— אזוי פלוצלינג... האט שלמה מיט א דערשטיקט קול גערעדט, שלינגענ־דיק די טרערן. ער האט נאך וואס געוואלט זאגן, נאר א מאך געטאן מיט דער האנט און אראפגעלאזט דעם קאפ.

שרהלע האט הויך געוויינט:

— אלץ איבער מיר! איך האב דעם טאטן נישט צוגעהיט... זיך נישט אומגעקוקט אויף אים...

אויף איר געוויין איז די מאמע אויפסניי ארויס מיט א יאמער. געשטארבן... פאר בזיון... נישט אויסגעהאלטן.

איר געוויין האט פול געמאכט די שטוב. עס האבן זיך באוויזן שכנים.

— ווו זיינען ליכט? זאל מען אָנצינדן! ווער האט ליכט? — האט עמעצער פון די שכנים געפרעגט. אלע האבן געשוויגן.

— נישטאָ... נישטאָ קיין ליכט... גאָרנישט! — האָט גאָלדע געביטערט.

נאָר איין ירחמיאל האָט נישט געוויינט. געקוקט אויף דעם טאַטן, געשוויגן.

אין פרימאָרגן איז געקומען די עגלה. שלמה מיט ירחמיאל האָבן דעם טאַטן אַראָפּגעטראָגן פון די טרעפּ.

— זיי מוחל, — האָט ירחמיאל אין זיך געבעטן. — נישט דו ביסט אַ טאַטע געווען... נישט איך בין... טאַטע, טאַטע!

ביים טויער איז געשטאַנען דער „ווינער". צוגעקוקט זיך צו דער לויה, לאַנג נאָכגעגאַנגען מיט די אויגן. איבער די שטיינער האָט זיך געטראָגן שרהלעס געוויין. האַלטנדיק די מאַמע אונטער דעם אָרעם, האָט זי זיך קוים געשלעפּט נאָך שלמהן און ירחמיאל.

אַ האַרבסטיקער ווינט איז זיי נאָכגעגאַנגען. אויפגעכאַפּט זייער יאָמער און צעטראָגן ווייט, ווייט איבער דער געטאָ.

פון בית־עולם איז גאָלדע צוריקגעקומען אָן אַנדערע. עס האָט זיך שרהלען אויסגעוויזן אַ די מאַמע איז מיטן טאַטן געבליבן און די אין בעט איז אַ צווייטע, אַ פרעמדע. אַזוי ווי זי איז נאָר פון פעלד געקומען, האָט זי זיך געלייגט, אין דער פרי צו דער אַרבעט נישט אויפגעשטאַנען, אויסגעדרייט זיך מיט דעם פּנים צו דער וואַנט, קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. אַזוי איז זי ליגן געבליבן.

פון בית־עולם איז ירחמיאל אין קאָאָפּעראַטיוו געגאַנגען. דאָס מאָל האָט ער אָן דער ריי באַקומען די פּראָדוקטן...

עס איז געווען פאַרנאַכט. די זון איז פאַרגאַנגען. די לעצטע שטראַלן האָבן זיך מיט שאַטנס געלייגט אויף די ווענט. די שטוב האָט אויסגעזען ווי אַן איבער־געקערטע שיף. אַלע זאַכן צעוואָרפן, אַנגעשטעלט אין דער מיט. דער מאַמעס קליידלעך און דעם טאַטנס בגדים זיינען אויף דעם בענקל געהאַנגען ווי געקרייצטע.

די טעלער מיט די טעפּ אויסגעשטעלט אויפן פענצטער האָבן אומזיסט געוואַרט אויף אַ באַלעבאָסטע... אויפן טיש זיינען געלעגן די פּראָדוקטן, דאָס מאָל: אַ פושקע פלייש־קאָנסערוון, אַ ברויט, טאַרבעלעך מיט צוקער, זופּן־פּולווער...

ירחמיאל האָט צוגערוקט צו שלמהן דאָס ברויט און מיט אַ דערשטיקט קול געזאָגט:

— עס...

שלמה האט דאס ברויט צוריקגערוקט צו ירחמיאלן.

— איך... איך בין נישט הונגעריק... — האט ער געזאָגט און ווייטער געשוויגן — שפּעטער וועל איך עסן...

ווי פאַרגליווערטע זיינען זיי ביידע געזעסן אין דער ליידיקער שטוב ביי דעם פולן טיש מיט פּראָדוקטן.

אין דער שטילקייט האט ירחמיאל מיט אמאל דערהערט שלמהס שטים, ווי זי וואלט פון ערגעץ ווייט געקומען:

— אפשר האבן מיר נישט באַדאַרפט פאַרטיילן די ראַציע?

אויפן טיש איז געשטאַנען די וואָג. דורכן האַלב־אָפענעם פענצטער האט אַריינגעבלאָזן דער ווינט, געשפּילט זיך, געוואוויגן מיט די שאלן.

# די רפואה

די נאכט איז פלוצים צוגעפאלן. אין דער גרויסער, פוסטער שטוב איז מיטאמאל ארויס א גרויקייט פון אלע ווינקעלעך, ארומגענומען מיט א פינצטער־קייט די ווענט.

עס וואלט שימעלען, דעם קליינעם, פרייליכער געווארן, ווען ער וואלט אנגעצונדן די ליכט.

ער ווייסט אבער, אז די מאמעשי ליידט נישט דאס טונקעלע לעמפל. עס ארט איר און פארשאפט קאפ ווייטיק. זיצט ער נעבן דער קראנקער מאמען אין דער טונקלקייט און וואכט ביי איר בעט.

פונעם הויף דערגייען צו אים די קולות פון די קינדער, וואס יאגן זיך ארום. לויפן אראפ און ארויף אויף די טרעפ און דאס איז זייער גרעסטער פארגעניגן.

ער וועט אבער נישט אראפגיין צו זיי. ער וויל נישט לאזן אליין די קראנקע מאמעשי.

„שימעלע דער קליינער" — רופט אים יעדער אויף דער גאס, אויך די מאמעשי רופט אים — שימעלע דער קליינער, ווייל ער איז איינער פון פיר קינדער געבליבן.

און דער אמתן איז ער גארנישט אזא קליינער, שוין א יינגל פון צען יאר און שכל האט ער פון א דערוואקסענעם. נאָר זינט דעם טאג ווען ער איז געקומען אין געטא, האט ער אויפגעהערט צו וואקסן.

ווען די מאמעשי איז נאך געווען געזונט, האט זי געזארגט, ארייגעטראכט פארוואס איז שימעלע א קליינער געבליבן.

צי דערפאר וואס אין די ערשטע טעג מלחמה איז זיין פאטער אנטלאפן פון דייטש — און ער בענקט?

צי דערפאר, וואס די צוויי שוועסטערלעך און דאס ברודערל זיינען געשטארבן, און ער, שימעלע, קען זיי נישט פארגעסן?

צי אפשר דער הונגער?

שוין דריי יאר ווי דאס עסן ווערט וואס אמאל ווינציקער. שימעלע האט שוין פארגעסן דעם טעם פון מילך, פון א פרוכט, פון א נאש, און ער איז דווקא א גרויסער נאשער געווען! ליב געהאט זיס געבעקס און צוקערוואַרג. היינט איז פאר אים א נאש — א קארטאפל. אבער אויך די קארטאפל זיינען זעלטן אין געטא.

ווען די מאמעשי איז נאך געווען געזונט, האט זי פאר שימעלע צוגעטראכט נייע מאכלים. א קונצמאכערין איז זי געווען. פון דער קליינער שפייז צוטיילונג, וואס די דייטשן האבן צוגעטיילט די יידן, האט זי באוויזן וואונדער.

א הערינג פון געפרעגלטע בוריקעס־בלעטער. און ער האט באמת געהאט דעם זעלבן טעם.

אמאל פון קאשע אויסגעקאכט אמתדיקע שבתדיקע פיש. פון קארטאפל שאלעכץ — א קוכן אויסגעבאקן. אָווא, ס׳ארא גוטער קוכן איז דאס געווען!

ער, שימעלע, איז אליין געבליבן אין שטוב, ווען די מאמעשי איז צו דער ארבעט געגאנגען, ער האט געררומט, געוואשן די טעלער, וואסער געבראכט פונעם הויף, אראפגעטראגן דאס מיסט. יעדן פארנאכט האט אים די מאמעשי געלערנט רעכענען און וואונדערלעכע מעשות דערציילט וועגן אברהמען און יצחקן, יוסף און זיינע ברידער.

איצט ליגט די מאמעשי אין בעט, שווייגט. איר פנים איז איינגעפאלן. די אויגן אויסגעלאשן.

שימעלע גייט איצט יעדן טאג צו דער ארבעט, זיין בלייך פנים שיינט פאר גליק, ווען ער טראגט אהיים אין זיין טארבעלע אביסל צוקער, א שטיקל ווורשט. ער אליין וועט עס אבער נישט רירן, ער ווייסט: דאס איז פאר דער מאמעשיס געזונט.

זיין פנים ווערט וואס אמאל קלענער, די פיסלעך דינער, קוים וואס זיי האלטן זיין קליינעם, שוואכן גוף.

נאָר זיינע אויגן ווערן וואס אמאל גרעסער, קוקן מיט טרויער, ווי א דערוואקסענער, אויף אלץ וואס טוט זיך ארום אים.

ער קוקט זיך צו ווי די שכנים קומען יעדן טאג צוראמען די שטוב, הייצן דאס אייוועלע מיט ברעטלעך פון די שענק און שופלאדן. וואשן ארום די מאמעשי און מאכן פאר איר הייסע קאווע. זיי טוען אלץ, וואס זיי קענען. ער פארשטייט אבער, אז דאס אלץ קען נישט העלפן.

פריער האבן די שכנים מיט גרויס רחמנות געקוקט אויף דער מאמעשי, געטרייסט זי. איצטער אבער קוקן זיי מיט רחמנות נאר אויף אים. נאר אים טרייסטן זיי איצט.

שימעלע פארשטייט גוט זייערע בליקן. מיט אזוינע אויגן האבן זיי אויך געקוקט ווען איטעלע און דבורהלע זיינען קראנק געווען.

— א רפואה... כ׳מוז געפינען עפעס א רפואה! — באשליסט שימעלע און ווייסט נישט ווי אזוי דאס צו דערגרייכן, ווו עס צו פארשאפן. טעג און נעכט האט שימעלע געטראכט ווי זי צו געפינען. ער ווייס אבער שוין פון לאנג, אז די דייטשן האבן אלע יידן אין געטא ארייגעפירט, כדי זיי זאלן שטארבן פון הונגער און קראנקייטן; זיין מאמעשי מוז אבער לעבן! און ער וועט דערפאר אלץ טאן!

מען דארף נאר אריבערקריכן די צוים... א לויף טאן אין דער אפטייק...

ער האט עס ביי זיך פעסט באשלאסן. אבער יעדעס מאל, ווען ער גיט א קוק פון זיין פענצטער אויפן דייטשן „פּאָסטן״, וואס היט די געטא מיט א ביקס אויפן ארעם, שטארבט אפ זיין הארץ פאר שרעק. ווי גרויס און שטארק איז דער „פּאָסטן״ לעבן די געטא יידן, און לעבן אים, שימעלען! ער ווייסט עס, אז דער „פּאָסטן״ שיסט צו יעדן, וואס דערנענטערט זיך צו דער צוים.

ער האט עס אבער ביי זיך פעסט באשלאסן.

אין דער שטוב איז וואס אמאל פינצטערער.

שימעלע זיצט ביים בעט און רעדט זיך אדורך אין דער שטיל מיטן טאטעשי. אוי, האט ער זיין טאטעשי ליב געהאט! גאנצע נעכט האט ער אריינגעוויינט אין דער דעק, געבעטן, אז ער זאל וואס גיכער צוריקקומען.

— ווערסט זען, טאטעשי... איך וועל א לויף טאן... כ׳וועל ברענגען א רפואה!

ער ציטערט מיטן גאנצן גופל. ס׳איז איצט פינצטער. מ׳עט נישט זען... מ׳דארף נישט מורא האבן, — גיט זיך שימעלע צו מוט. די אפטייק איז גאר עטלעכע טריט פון דער צוים... זאל נאר דער „פּאַסטן״ זיך אויסדרייען... דער אפטייקער האט דאך געקענט די מאמעשי... ער וועט שוין געבן א פלעשעלע...

שטיל פליסטערן זיינע ליפן:

— איך גיי מאמעשי... באלד וועל איך צוריקקומען... כ׳וועל אויפן בויך זיך ארויסשארן פון דער צוים... ברענגען א רפואה... כ׳האב גארנישט... גארנישט מורא...

די קראנקע מאמע האט אויפגעציטערט. אירע אויערן האבן איינגענומען זיינע רייד. מיט די אויגן פון איר נשמה זעט זי שימעלען זיך שארן אונטערן צוים. די אויסגעשטרעקטע ביקס פון „פּאַסטן״...

— זאלסט נישט וואגן מיין קינד... מיין קליין שימעלע — נעמט שטאמלען די מאמע, ווי זי וואלט מיטאמאל פון איר גליווער ארויסגעריסן געווארן און ווי גאט אליין וואלט איר צוגעשיקט א רפואה, נעמט זי רעדן מיט א מאדנער קראפט. איר פנים שטראלט. צוויי גרויסע פערל נעמען זיך קייקלען פון די אויסגעלאשענע אויגן. אירע ציטערדיקע הענט נעמען ארום זיין בלייכן פנימל און דריקן צו זיך שטארק, שטארק.

— איך בין שוין געזונט... מיין קינד... שוין האסטו מיר א רפואה געגעבן. זע, איך שטיי־אויף. גיב מיר שימעלע, מיין קלייד... מיינע שיך...

זי רעדט וואס אמאל העכער, פעסטער, ווי אמאל.

מיט גרויס שטוינונג האט זיך שימעלע צוגעקוקט ווי די מאמעשי האט זיך גענומען אנטאן. פאמעלעך צוזאמגעלייגט די קישנס, די דעק. מיט א טוך פארדעקט דאס קראנקע בעט, וואס איז חדשים אפן געווען.

# דער טלית

אין קליינעם, ארעמען דארף ז. ארום לאדזש, האבן די פויערים מיט באוואונדערונג גערעדט וועגן דער בארמהארציקער שוועסטער מיכאַלינאַ. זיי האבן עס אויסגעטייטשט ווי אַ נס פון הימל, אז דווקא אין דער גרויזאמער צייט פון מלחמה, מענטשן־אכזריות און הונגער, איז צו זיי צוגעשיקט געווארן ווי פון גאט אליין אזא וואונדערלעכע שוועסטער, וואס לעבט נאר כדי צו היילן און טרייסטן קראנקע און פארצווייפלטע.

זי, די שוועסטער מיכאַלינאַ, פלעגט איר ווייסן קאפטוך טיף איבערן שטערן אראפציען, קיין איין הערעלע זאל זיך פאר דער ליכטיקער שיין נישט באווייזן. אין שווארצן, ברייטן קלייד פון א נאָנע מיט א צלם אויף א גאלדן קייטל אנגעהאנגען, האט זי זעלטן ווען מיט די פויערים גערעדט. אויך זעלטן ווען ארויסגענומען דאס גראבע געבעט־בוך מיט הייליקע בילדער, אין טאוולען מיט א באזילבערטן רוקן.

אויפן פויערישן שטייגער האבן זיי עס אויסגעטייטשט, אז מעשים טובים זיינען וויכטיקער פון תפילות און נאך מער געלויבט איר טיכטיקייט און אפפער־וויליקייט.

שוין פון גרויען באגינען האט די הויכוואוקסיקע און שלאנקע שוועסטער מיכאַלינאַ, אנגעהויבן איר ארבעט אין דארף.

אלע מאל האט אן אנדערער פויער מיט פערד און וואגן זיך פארהאלטן ביים קליינעם, ציכטיקן שטיבל, וואס זי האט איינגעדונגען ביי אַן איינזאמער אלמנה.

צו פוס זיינען צו איר געקומען, פון דער ווייטנס, די ארעמע פויערטעס, וואס האבן זיך אנגעהערט פון די וואונדער, וועלכע די שוועסטער האט באוויזן, איינגעגלויבט אין איר שם פון א כישוף־מאכערין.

— באַרמהאַרציקע שוועסטער, ראטעוועט! — האט א מאמע אין געוויין געבעטן. — מיין וואנדען איז א שלאפקייט אריין אין האלדז. א לעפל וואסער

קאָן זי נישט אראפנעמען. קיין ווארט ארויסרעדן! נישט אנדערש, נאר א שד האט זיך איר אי האלדז באזעצט...

— ממייין טאַ־טע גגגוססט — האט א תמעוואטער פויער געשטאמלט. — קומט, איםםם לייככטער ממאַאַכן די ללעצטע שעה...

א ווארעם קאָרן־ברויט, ברוין אויסגעבאקן, איז אויפן טיש צוגעלייגט געווארן. אפטמאל — א טארבעלע מיט אייער, א ביסל גרינצייג, אדער קארטאפל.

און זי, די שוועסטער מיכאַלינאַ, אויף יעדענס רוף, גלייך כאפט זי דאס דינע טיכל; גיט עס א וויקל ארום דער פלייצע און מיטן נאמען פון דער הייליקער מאמען אויפן מויל, נעמט זי איר רענצל מיט רפואות, גרייט אין וועג.

שוין זיצט זי איןברייטן פויערשן וואגן מיט שטרוי אויסגעבעטן אויף דעם ברייטן ברעט, ווי א צוגעקלאפטע באנק.

א סך קראנקע אין דארף ז. געווען. נאך מער אין די ארומיקע, קליינע דערפער.

מיכאַלינאַ איז נישט מיד געווארן פון ארומפארן אויף די שווערע וועגענער איבער שטייניקע וועגן. ארומגיין לענגאויס דעם טיפן װאלד, און זאמדיקע, פאַר־לאזענע פעלדער.

זומער, אין הייסע טעג, ווינטער, אין זאווערוכעס און איבער טיפע שניי־בערג תמיד אזוי אייגן וויליק און גרייט יעדן צו העלפן אין א נויט.

איר געשטייפט, ווייס קאפ־טיכל אויפן ווינט צעפלאטערט האט פון דער ווייטנס געבלענדט, אָנגעזאָגט, אז א בארמהארציקע האנט וואכט איבער אלע.

אויף איר אנקומען פלעגן די קראנקע קינדער אנהייבן זיך לעבהאפטער צו באוועגן. געלאזן זיך שטעלן באנקעס, פענדזלען דעם האלדז, און אפילו אנציען א שווערן באנדאזש אויף א ברעטל, אויף אן אויסגעלענקטן פוס.

זיי האבן זיך איינגעקוקט אין איר בלייכן, צארטן פנים, ווי ביי א הייליקע אויף די בילדער, וועלכע זיינען איבער זייערע וועגט צעהאנגען און האבן געלאזט אלץ מיט זיך טאן.

די פויערים זיינען געוואוינט געווען מיט יעדער צרה צו איר לויפן, אַן עצה אנפרעגן.

נישט בלויז צו א מסוכן קראַנקן, אָדער צו אַ קימפּעטאָרין, אויך אפילו דאַן, ווען פּלוצעם האָט אין שטאָל אַ קראַנקייט אויסגעבראָכן.

זי האָט פאַר יעדן געהאַט איר שטילן, טרויעריקן שמייכל. אויסגעהערט אַ יעדן שווייגנדיק. אירע גרויסע, בלויע אויגן, באַדעקט מיט שוואַרצע זיידענע וויעס, זיינען תמיד געווען אַראָפּגעלאָזן. קיינער האָט אין זיי נישט געקענט אַריינקוקן, זען זייער אויסדרוק.

דער רוב אין דאָרף האָט עס אָנגענומען אַלס אַ צייכן פון איר באַשיידנקייט און צניעותדיקייט.

נאָר די יונגע שקצים פלעגן נישט איין מאָל זיך איבערווינקען מיט אַ שעלמישן בליק, ווי ביים אָנטרעפן זיך מיט אַ יונגע פרוי, וואָס האָט זיי דעם אָטעם פאַרכאַפּט און געהיים צעצונדן די תאווה און שטיל איבערגערעדט:

— אַ לעבן קאָן מען מאַכן מיט אַזאַ׳נע... וואָס ס׳אַראַ פּנים... ס׳אַראַ געשטאַלט... און אַריין אין די שוואַרצע קליידער, אָפּגעזאָגט זיך פון דער וועלט... אַ שאָד, אַ שאָד...

דאָס בלייכע איידעלע פּנים פון דער שוועסטער מיכאַלינאַ, אירע לאַנגע, ווייסע פינגער, האָבן ביי זייערע רויטע דאַרפישע פּנימער און גראָבע, אויסגעהאַרעוועטע הענט זיי נאָך מער צו איר געצויגן.

און ביי די אַלטע פּויערים מיט זייער טיפער פרומקייט, איז די שוועסטער מיכאַלינאַ אויסגעוואַקסן צו אַ געשטאַלט פון אַ הייליקער, וואָס קומט איבער די טעג בצימצום מיט תעניתים.

קיינמאָל האָט זי גאָרנישט פאַר איר טרחה פאַרלאַנגט אפילו נישט פאַר די רפואות, וואָס זי האָט פאַרטיילט צווישן די קראַנקע.

ווען אַ רייכער פּויער האָט אויס דאַנקבאַרקייט אין אַ זונטיק צוגעטראָגן איר אין אַ קיישל אַ שטיק גערייכערטן חזיר פליייש, אַ וואָרשט און אַ ווייס שמאַנד־קעזל, פלעגט זי, די שוועסטער מיכאַלינאַ, דאָס קעזל אָננעמען. אָוועקלייגן אויף אירן אַ טעלער און דעם וואָרשט מיטן חזיר־פליייש, צוריקלייגן אין קיישל רעדנדיק ערנסט און באַטראַכט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן:

— ס׳איז אַ מלחמה... האַלט עס פאַר אייערע קינדער...

— איר האט עס פארדינט! — האט דער פויער זיך איינגעקשנט און ווידער ארויסגעלייגט פון קיישל דאס געררייכערטע פלייש. — מיין קינד האט איר א נייע נשמה אריינגעגעבן! פון טויט לעבעדיק געמאכט! נישט אנדערש נאר א כישוף אפגעטאן...

לייגט ווידער מיכאַלינאַ צוריק דאס פלייש און רעדט נאך שטילער מיט געציילטע, ווייכע ווערטער:

— נישט מיר דארפט איר דאנקען... דער אין הימל האט געוויזן א נס... גרויס איז זיין רחמים פאר אלע שוואכע און קראנקע.

איז דער פויער מיטן חזיר־פלייש צוריק אין זיין כאטע און פאר אלע שכנים א באנומענער געדרשנט:

— אין אזא הונגער... אין די היינטיקע צייטן... האט גאר די שוועסטער מיכאַלינאַ קיין שטיקל פלייש נישט געוואלט צונעמען! און דער גלח?! ער נעמט שוין אלץ, וואס מען גיט אים! אוי נעמט ער!

— נישט אנדערש ווי א הייליקע.

— א הייליקע — האבן די פויערים צוגעשאקלט מיט די קעפ צושטימענדיק.

פון מויל צו מויל זיינען געגאנגען די וואונדער, וואס די שוועסטער מי־כאַלינאַ האט אין דארף ז. באוויזן. אירע קורצע, אפגעהאקטע, קלוגע רייד, זיינען צענדליקער מאל איבערגעחזרט געווארן.

נישט איין מאל האבן די פויערים געוואלט מיט איר א שמועס פארפירן, ווען וועט זיך די ביטערע מלחמה ענדיקן? וואס צו טאן מיט די זשידעס, וואס באהאלטן זיך אין דארף און קענען חלילה א סכנה ברענגען אויף אלע קריסטן, נאר זיי האבן נישט געוואגט נענטער צו איר צוטרעטן, אריינציען אין די טאג־טעגלעכע זאכן.

די שיינקייט פון דער בארמהארציקער שוועסטער האט געטראגן אין זיך א געטלעכע רואיקייט — איר גאנץ וועזן האט פארלוירן יעדע ערדישקייט.

אויף איר אנקומען אין א כאטע, צו א קראנקן, זיינען תמיד די שכנים זיך צוזאמענגעקומען פאר דעם טויער, איר אנוועזנהייט האט געטרייסט און בארואיקט, אז אין א צרה, איז דאס דארף נישט פארלאזן, נישט הפקר.

ארום דער שטילער, גוטער שוועסטער מיכאַלינאַ, איז לאנגזאם אויסגעוואקסן א לעגענדע.

א לעגענדע פון א הייליקער, וואס איז אראפּ פון א בילד און גייט פון כאטע, צו כאטע, פון דארף צו דארף — ביז די „שוואבעס" וועלן אפּציען, פאר־כאפּט ווערן...

אין א קאלטער ווינטער־נאכט, ווען דאס גאנצע דארף איז געווען פארזונקען אין א טיפן שלאף האט א פעסטע מענער־האנט מיט אומגעדולד געקלאפּט אין לאדן פון פענצטער צו דער שוועסטער. גלייך האט זיך דאס האסטיקע קלאפּן געהערט פון דער טיר און ווידער איבערגעחזרט פון דער זייט פון פענצטער.

דער שטענדיקער פחד, וואס די תמיד שווייגנדיקע שוועסטער מיכאלינא האט טיף אין הארץ באהלטן — האט זי דאס מאל אימהדיק באנומען, אויסגערודערט אלע חושים.

זי ווייסט, אז תמיד קומען צו איר נאר שוואכע און הילפלאזע, וואס שטייען אומבאהאלפן אויף דער שוועל און וואגן די שטוב נישט באטרעטן.

דאס זעצן מיט דער פויסט אין לאדן האט זיך איר שוין פון דער ערשטער רגע צו חוצפהדיק אויסגעוויזן. נאר א הפקר־מענטש, וואס איז זיכער אין זיין כוח קאן אזוי קלאפּן אין יענעמס טיר אין א פינצטערער נאכט.

— ווער קאָן דאס זיין? — האט דער שטענדיק וואכער פחד געפרעגט. אפשר נישט אויפמאכן? — האט גע'עצה'ט דער שכל הישר און אונטערגעזאגט: „אויפמאכן".

זי האט שנעל אויף זיך ארויפגעצויגן דאס שווארצע, ברייטע קלייד. מיט אַן אנגעצונדענעם ליכט אין דער האנט צו צו דער טיר און מיט א פארצויגענער, פארשלאפענער שטים געגומען אויספרעגן:

— אין גאטס נעמען, ווער קלאפּט דאס? וועמען זוכט איר?

— מאכט אויף טייערע שוועסטער, גיך קומט מיט מיר! — האט א ברייטבייניקער, פעסטער פויער געבעטן. מיין קאזימיערא גייט צום קינד! אוי געוואלדעוועט זי... אוי מאכט זי יללות! — האט אין איין אטעם ארויס־געוואָרפן דער מאן. — איך וועל באצאלן! אט אזוי פיל געלט! האט ער צו־

זאמענגעלייגט זיינע פליישיקע הענט, ווי געוואלט אנווייזן אויפן גראבן פאק, וואס איז שוין צוגעגרייט געווארן.

— א יידישער פעלץ! האט די שוועסטער מיכאלינא גלייך אין דער פינצטער דערקענט אויף אים. און דאס בלוט האט איר א שלאג געטאן אין פנים.

מיט א צייט צוריק האט זי געהערט פון דער אלמנה, איר באלעבאסטע, דערציילן:

אין שכנותדיקן דארף וואוינט א פויער, וואס האלט אין איין פירן יידישע זאכן... פארמעגנס האט ער שוין אנגעפירט! פול זיינען זיינע קעלערס און ביידעמער. אויך מיט די דייטשן מאכט ער עפעס פינצטערע געשעפטן... די פויערים מיידן אים אים אויס... האבן מורא פאר אים...

די פרומע שוועסטער מיכאלינא האט די רייד מיט א כלומרשטן ביטול אויסגעהערט.

— וואס מענטשן קאָנען אויסרעדן — יעדעס מאל אומגלויביק צוגעווארפן — און אין איר הארץ איז די אומרו וואס אמאל גרעסער געווארן. צעטומלט, פארצווייפלט.

זי האט אינסטינקטיוו געפילט, אז עס וועט קומען די שעה, ווען זי וועט זיך באגעגענען מיט דעם מסור און שמוגלער.

באלד האט זיך דער וואגן א ריס געטאן און שוין פארט זי.

דער פויער האט איר דערלאנגט א ווארעמע שובע, אויף די פיס א וואלן טוך. זי קאן זיי גוט די וואלענע טיכער!

אירע פעטערס האבן זיי אין די טויזנטער געמאכט! פארביקע און געקעסטלטע מיט שווארצע, גראבע פראנדזן פארענדיקט.

אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה זיינען זיי געלאפן אויף דעם וועג נאך ווארשע און געפאלן. בידעריק איבער זייערע קעפ זיינען די דייטשע עראפּלאַנען געפלויגן און אראפגעשאסן אויף זיי מיט מאשין־געווער. די מוראדיקע בילדער, וואס האבן זי פארפאלגט אין די חלומות, זיינען איצט אויף דער וואר אויפגעקומען.

שטיל פליסטערן אירע ליפן תפילות, כדי דער פויער זאל זיי אויפנעמען און נישט אנהויבן מיט איר איינטענהן.

זיצט ער אַ שווייגנדיקער לעבן איר אין שוואַרצן פּעלץ מיטן ברווינעם, פּוטערנעם קאַלנער. נישט פון קעלט ציטערט איר קערפער. פונקט אַזאַ פּעלץ האָט איר פאָטער געטראָגן. און איצט שטייט ער לעבן איר אַ לעבעדיקער און פאָרט מיט איר אין פויערישן וואָגן.

אפילו אין די נעכט, ווען זי איז אַליין מיט זיך, האָט זי מורא מיט די מחשבות זיך אומקערן אין איר היים. זי ווייסט עס גוט, אַז די טרוימען פון אונטערבאַוואוסטזיין, קומען אויף אין די חלומות. זי האָט מורא געהאַט, אַז עס קען ווען אַמאָל אין שלאָף זיך אַרויסכאַפּן ביי איר אַ יידיש וואָרט, אָדער אַ דערשטיקטער זיפץ. אַלע געפילן און געדאַנקען האָט זי פאַרטומלט אין דער שטענדיקער פאַריאַגטקייט.

— נאָר נישט טראַכטן... נישט טראַכטן! — האָט זי זיך אַליין באַפוילן. איצטער אָבער פילט זי אַז זי קאָן מער רואיק זיך נישט האַלטן.

זי רוקט אַרויף וואָס אַמאָל העכער דאָס וואָלענע טוך אויף די פאַרשטייפטע פיס. צערייבט די פינגער, וואָס זיינען ווי געליימט געוואָרן.

אַרום אַ פינצטערע נאַכט.

ציט זיך דער וועג איבער אַ לאַנגן געדיכטן וואַלד. פּאַמעלעך שלעפּן זיך די פערד, גלייך ווי זיי קענען נישט בייקומען די פינצטערניש. שטאַרן די ביימער ווי אויסגעשטרעקטע, בלאַנקע שפּיזן. יעדער בוים שרעקט, פילט אָן מיט אָן אימה, אפילו קיין איינציקער שטערן לייכט נישט אויף דעם פינצטערן הימל, וואָס איז ווי מיט שוואַרצע לאַדנס פאַרקלאַפּט.

פיינלעכע בילדער, מחשבות און דערינערונגען זיינען זי באַפאַלן ווי אַ מחנה שוואַרצע קראָען. זי קאָן זיך שוין גאָרנישט באַהערשן מער: „נאָר נישט טראַכטן מער! נישט טראַכטן..."

דער נעכטן מיטן היינט האָבן זיך אויסגעמישט איצטער און אין דער מיט איז זי, גיזאַ קאַלעצקאַ, די יידישע דאָקטאָרין אין אַ שוואַרצן קלייד פון אַ נאָנע, מיט אַ צלם אויף דער ברוסט. זייט דריי יאָר לעבט זי אויסבאַהאַלטן אין דעם דאָרף. און איצט איז אויס. וואָס וועט זיין מאָרגן? — פרעגט זי אומבאַהאָלפן די פינצטערע נאַכט.

ערשט ביים באַגינען זיינען זיי צוגעקומען צום דאָרף.

זי הערט נישט זײַנע האַלב־שיכורע רייד:

— אַ זון וויל איך דאָס מאָל! זעקס טעכטער אין דער שטוב, אַ חרפּה פאַר לײַטן. מירן שוין באַצאָלן, באַרמהאַרציקע שוועסטער. באַוויַיזט נאָר גיך זיך צו „ספּראַווען"! אוי מאָרדעוועט זי זיך, מײַן קאַזימיערזש... אַ יונג אַ ריז מסתּמא!...

ביי דער טיר שטייט אַ רגע די שוועסטער מיכאַלינאַ און ווישט די פּיס פון אַנגעקליבענעם שטרוי, אַרומקוקנדיק זיך פאַרזיכטיק אין אַלע זײַטן.

איר בליק פאַלט אויף אַן אויסגעשפּרייטן טלית אויף די רײַן אָפּגעשייערטע ברעטער פון דיל.

דאָס פאַרשווּנדן פון אָנדענק פון אירע שטאָלצע זיידעס, וואָס האָבן דורות־לאַנג אין די פּוילישע שטעטלעך אָפּגעהיט יידישקייט האָט אויפגערודערט איר נשמה, די זייט יאָרן אַסימילירטע דאָקטאָרין, גיזאַ קאַלעצקאַ — צוריקגעפירט צו איר שטאַם.

— איר זייט געמיין! געמיין... — וויל זי אויסשרייען.

— שאַ... שאַ... נאָר רואיק בלײַבן — וואָרנט איר אַ קול פון ערגעץ פון דער טיף און זי נעמט זיך גאַטספּאַרכטיק צלמען ביים בילד פון דער הייליקער בתולה מיט דעם עופעלע אויף דער האַנט. פון אונטער די אַראָפּגעלאָזטע ברעמען זוכט זי אַ וועג צום בעט כדי נישט באַטרעטן דעם טלית.

זייט יאָרן האָט איר טאַטע נישט געדאַווענט. אין דער שאַנק איז געלעגן אַ בלוי ווייסער טלית, ענלעך צו אַ זיידן שאַליקל וועלכן דער טאַטע האָט יעדן יום־כּיפּור מיטגענומען אין דער שול. זי געדענקט אָבער דעם זיידן, וואָס איז גאַנצע טעג געזעסן אין אַ לאַנגן ווייסן טלית אין זיין צימער ביי ספרים אײַנ־געבויגן. דער זיידע איז פון לאַנג געשטאָרבן. זי קאָן אָבער נישט צוזען, ווי מען טרעט אויפן ברייטן טלית מיט שוואַרצע פּאַסן פון איר זיידן. פון אַלע זיידעס!

— ...דאָס גאַנצע לעבן איז אַזוי צעטראָטן! — נעמט אין איר מוח עגבערן אַ געדאַנק. מיטן צלם אין דער האַנט לויטן אַנמענומענעם שטייגער ביי די נאָנעס איז מיכאַלינאַ צו צו דער קימפּעטאָרין.

— העלפט מיר... מאַמע הייליקע... ראַטעוועט! — שטאַמלט שוין אָן כּוחות די פּויערטע. זי כאַפּט די הענט פון דער שוועסטער. ווי אַ טרינקענדיקע דאָס רעטונגסברעט.

צוקאפּנס ביי דער פֿויערטעס  בעט קוקן  אַרויס  זילבערנע  לייכטערס, חנוכה מנורות, אַלטע, יחסנישע, נגידישע.

זי אַליין, די קימפּעטאָרין, אַ פאַרשמאַכטע אין קראַמפּן ליגט אויף געשטיקטע ציכן מיט אַ יידישן מאָנאָגראַם. די צוויי קליינע אותיות וויינען אַרויס צו איר. פאַרפרעמדטע, פאַרלוירענע. אַרום איז אַלץ צוגערויבט, צוגעגזלט! פון קאַזימיעראַס באַרכאַן קאַלנער פון העמד קוקט אַרויס אַ גאָלדענע קייט מיט דימענטלעך אויסגעזעצט. יידישע צירונג.

אַלע זאַכן פון דער שטוב מאַכן קלאָר דער דאָקטאָרין, אַז דווקא זי, דאָס ווייב, האָט געשטויסן צום רויב. זי האָט דאָס געשיקט דעם מאַן גזלנען די זאַכן.

גיזאַ קעלעצקאַ, טוט איר פּליכט פון אַ דאָקטאָרין. מעסט די היץ, ציילט דעם פּולס, טיילט טיי לעפעלעך צום מויל.

פון אַלע ווינקלעך פון דער שטוב, פון אַלע אַנגעלייגטע פּעק קוקן אַרויס פאַרפּייניקטע יידישע אויגן, וועלכע רופן צו נקמה. זי באַנעמט עס קלאָר, אַז אונטער יעדן חפץ ליגט אַ יידישער קרבן. גיזאַ קאַלעצקאַ וויל אַראָפּשלינגען די טרערן, וואָס פילן אָן אירע אויגן. זי ווייסט אָבער, אַז ווען זיי וועלן אַ פּלייץ טאָן איבער דעם פּנים, וועט זי זיין פאַרלוירן!

פון זיך אַליין קומען די ווערטער אויף אירע ליפּן:

— ...פריער האָט ער געמסרט, און די משפּחות זיינען פאַרשיקט געוואָרן, צעשאָסן! דערנאָך האָט ער זיך געטיילט מיט די זאַכן, מיטן רויב...

שטייט אויף דעם טיש אַ געשליפענע קאַראַפקע מיט יום־טובדיקע בעכערלעך — צוגעגרייטע כוסות אויף אַ מזל־טוב.

שטייט דער אַנגעכמורעטער פויער ביים בעט פון זיין ווייב און בעט הכנעהדיק:

— איר זייט דאָך אַ כישוף־מאַכערין... נישט איין טויטן לעבעדיק געמאַכט! מירן אייך געבן אַלץ! אַלץ...

— מאַטקאַ באָסקאַ... אַוווּ ווו... אָך! — נעמט שרייען מיט אַן אוממענטשלעכן קול די קימפּעטאָרין פילנדיק, אַז אָט, אָט, וועט זי אויפגעבונדן ווערן.

גיזאַ קאַלעצקאַ ווייסט, אַז די רגעס זיינען גורלדיק, נאָר אירע הענט

זיינען אָן מאכט, געשטייפטע. זי קאָן זיך נישט צורירן צו דער פויערטע מיטן יידישן צירונג באהאנגען.

מיט גאר א פרעמדער פעסטער, שטים נעמט זי באפעלן:

— מען דארף אין א שפיטאל! צו א גרויסן דאקטאר! גיך שפאנט דעם וואגן! א רגע נישט צו פארלירן...

צוזאמען מיט דער אלטער מאמען הילט זי איין די קימפעטארין אין א ברייטן מארגן־קלייד. בעט אויס דעם וואגן מיט קישנס און פוכענע דעקן און אויפהער מורמלענדיק תפילות.

— גאט וועט העלפן... זאגט נאך פרום די פויערטע מיטן אנגעקארבטן פנים פון א שוואם און צלמט זיך צוזאמען מיט דער דאקטארין ביים אפפארן פון דעם וואגן.

— נעמט עס... נעמט פאר אייערע גוטע ברכות... א גאנצע נאכט זייט איר דא אהער געפארן... — רעדט די אלטע און פאקט א פעקל דייטשע מארקעס דער דאקטארין אין די הענט.

— נעמט די ווארעמע זאכן, א פאר שיך... א וואלן טוך...

— מ׳דארף נישט... מ׳דארף קיין זאך — רעדט גיזא קאלעצקא מיט א געלייטערטער שטים.

— א זון זאל אייך די טאכטער אהיים ברענגען, א געזונט אייניקל פאר אייך...

זי נעמט איר רענצל מיט די רפואות און לאזט שטיין א פארגאפטע די אלטע פויערטע מיט די פעק זאכן אין די הענט.

דאס שווארצע קלייד פון דער בארמהארציקער שוועסטער מיכאַלינאַ האט זיך מיט א לאנגן שאטן אויסגעלייגט אויף דעם פרימארגנדיקן שניי.

אין דער פוסטער שטוב איז געבליבן ליגן אויפן דיל א צעטראטענער פארבלאטיקטער טלית.

# די ליסטע

א בעדיכטער שניי איז די גאנצע נאכט געפאלן און האט באדעקט די צוימען און גאסן, אנגעטאן די געטא אין ווייסע תכריכים. פארגליווערט אין א מוראדיקע שטילקייט. וויעדיק מיט אומקום און פארניכטונג יאגט א ווינט פון יענע זייט דראטן. רייסט זיך אריין אין די שמאלע, לאנגע געסלעך און פילט אן די לופט מיט שרעק און ציטער. שטיל שארן זיך איבער די שנייאיקע וועגן די טישלער, שניידער און שוסטער, באאמטע און אנגעשטעלטע אין די רעסארטן, איינגעהילט אין אלטע, אויסגעריבענע מאנטלען, אין טיכער און שטיקער דעקן, באהאנגען מיט טעפלעך און טארבעס שארן זיי זיך ווי לעבעדיקע מתים.

שטיל שווייגט יעדער פון זיי. מורא האבנדיק מיט א הויך ווארט צו דער־צערנען דעם דייטש. זיי ווילן אדורך אומבאמערקט פון דעם „פאסטן", וואס שטייט אויף דער וואך ביי דעם געטא־צוים. ער קאן דאך סתם אויף א געלעכטער און „סאלדאטן־פרוידע" אויסציען די ביקס און אויסשיסן נישט קוקנדיק אפילו אויף וועמען.

קיינער טראכט נישט אין דעם פינצטערן באגינען פון דעם הונגער, וואס נאגט דאס הארץ ווי א בייזער ווארעם. פון דעם שניידיקן פראסט, וואס פארגלי־ווערט די גלידער און נעמט צו דאס לעצטע ביסל האפנונג.

ווי א שווערער וואלקן הענגט איבער אלעמענס קעפ די נייע גזרה: א רע־גיסטראציע פון 5000 יידן!

קיינער ווייסט נישט ווער האט געבראכט די ידיעה. זייט עטלעכע טעג האט מען אין דער שטיל זי איבערגעגעבן איינער דעם אנדערן.

— עס זענען דאך ערשט וואס ארויסגעשיקט געווארן 10,000 יידן. רומ־קאווסקי אליין האט פארזיכערט, אז מען וועט מער קיינעם נישט שיקן.

און דא מיטאמאל האט די געסטאפא מיטגעטיילט דער געטא־פארוואלטונג אז 5000 יידן מוזן ארויסגעשיקט ווערן.

ווייסט נישט קיינער וואס איז איצט ריכטיקער צו טאן: בלייבן אין שטוב אין בעט אלט א קראנקער, צו גיין צו דער ארבעט אויספירן די פראָ־דוקציי? ווּעמען וועלן „זיי" נעמען אויף דער ליסטע. די יונגע, צי די אלטע? די קראנקע צי די געזונטע? א פחד פאר דער „ליסטע" פארקלעמט אלעמענס הער־צער. ווער וועט היינט מארגן באקומען דאס צעטל צוצושטעלן זיך צו דער תפיסה אויף דער טשארניעצקיעגא גאס, ווו אלע רעגיסטרירטע דארפן איינגעזאמלט ווערן.



שפאנט א מאמע מיט א זון אויפן ווייטן מארישין. אויף זייערע הילצערנע קלומפערס האט זיך צוגעקלעבט א גראבע שיכט שניי. א הוילער ווינט שוויש־טשעט איבער זייערע קעפ. איבערן נאקעטן, פוסטן פעלד. זיי ביידע זענען איינגעטולעט אין זיך, ווי זיי וואלטן איין גוף און נשמה געווען. זיי ווייסן, אז נאך איצטער קאנען זיי גיין געארעמט איבער דעם שנייאיקן וועג. אבער מארגן קאן דער גורל זיי צערייסן. יעדען באזונדער פארטרייבן ערגעצווו אין דער פרעמד.

די מאמע באמיט זיך צו פארטרייבן אירע געדאנקען, וואס קלאמערן זיך אין דער „ליסטע", וואס דארף צוגעגרייט ווערן. זי האט נישט קיין כוח איצטער דערפון צו טראכטן. איר גאנץ בייז הארץ לאזט זי איצטער אויס אויף איר מאן, וואס האט זיך געטראטעוועט. אנטלאפן קיין רוסלאנד.

וואס האט ער עפעס זיך אפגעטראגן אין ערשטן טאג פון דער מלחמה? אזוי ווי דער דייטש איז אריין האט ער דאס פעקל געמאכט און אוועק! א לויפעניש איז אים באפאלן... ער טאר נישט בלייבן אין א געטא! ער מוז זיך ראטעווען און אנטלויפן! אים וועלן זיי קודם אומברענגען! נאר נאך אים זענען זיי געקומען! מיר האט ער איבערגעלאזט די שטוב, די אלטע מאמע, דאס קינד! איך זאל אלץ פארזארגן און אפהיטן, מיר וועט דאך דער דייטש שאנעווען, די פרויען וועלן זיי גארנישט טאן! ער איז אנטלאפן קיין רוסלאנד! זיכער דארט א גרויסער מענטש געווארן! א קאפ האט ער שוין איינמאל אויף זיך. ער וועט זיך שוין „אויסקערעווען"... ווי שייך? האט זיך דארט שוין א צווייטע געפונען... דארט ווארט מען נישט אויף חופה קדושין... זיי מעגן דאך אלץ... זיי זענען דאך שטענדיק גערעכט! — אזוי טראכט די פארצווייפלטע מאמע. די ליבשאפט און טריישאפט פון אלע יארן צו איר מאן איז נאך זיין אנטלויפן פון דער היים פארוואנדלט געווארן אין האס און ביטערקייט.

די ערשטע פון גאנצן הויז האט זי געגומען פארקויפן די זאכן אויף עסנווארג. די ערשטע פון אלע שכנים האט זי צוזאמען מיטן זון, געגומען צעהאקן די שופלאדן פון פיינעם בופעט, די טירן פון די העלע בעריאזן־שענק און די פאכן פון קוכן־קרעדענס.

— איך דארף נישט דא זיצן אין הונגער אין קעלט און היטן „זיינע זאכן" — האט זי זיך יעדעס מאל פארטיידיקט, ווען דאס אייוועלע האט געפלאקערט און מיט רויטע פייער־־צונגען איינגעשלונגען איר באלעבאטישקייט. שוין לאנג האט זי דאס לעצטע בענקל פארברענט. עס איז שוין נישטא מיט וואס א ביסל וואסער אנצווארמען. זי זשאלעוועט אבער נישט דאס אייגענע בעט. יעדן פארנאכט רייסט זי ארויס שטיקער פון מאטראץ. אין געדיכטן רויך פון פייכטע סחורה מיט פארשימלטן גראז, ווארעמט זי א טעפל וואסער צו דער ווארעם־פלאש, פארן קינד. אין האנטעכער און אלטע שאלן וויקלט זי דאס פלעשל, עס זאל לענגער האלטן די ווארעמקייט.

— וויי, וויי, ווי פינצטער איז דער מאמען, וואס געפינט אין דער פרי א פארשטייפט קינד אין בעט — טראכט זי מיט א מורא און דאס בלוט גיט איר א שלאג אין קאפ.

אזא ווינטער געווען אַן קארטאפל אין דער שטוב, מיט שניי אויף די ווענט אין פארפרוירן וואסער אין קראן: איז אלץ נאך ווייניק! עס האט נאך געפעלט א רעגיסטראציע... און ער איז אוועק! ווי עס מאכט זיך א גראטשקע לויפן זיי... אוועק! — חזרט זי וואסאמאל איבער, ווי דער געדאנק וואלט זי אן אויפהער געמאטערט, נישט געלאזט רוען אויף א רגע.

זי וועט אבער ווייטער פירן איר מלחמה מיטן דייטש! זיי ווען פון איר דאס קינד נישט צונעמען! נישט זיי און אפילו נישט דער מלאך־המות! ווי דאן, ווען ער איז אן עופעלע געווען, אזוי וועט זי היינט מיט איר אטעם אים ווארעמען, באשיצן מיטן לייב איר הערשעלען.

זי גייט איבערן פעלד און שלאגט זיך מיט דער דעה:

— אויב איך וועל בעטן דעם „קיעראוויניק" ער זאל אויף הערשעלעס אָרט מיך פארשרייבן, וועט דאס קינד דאך אונטערגיין פון הונגער און קעלט...

— און אויב זיי וועלן דאס קינד פארשיקן, וועט ער נישט אויסהאלטן איינער אליין אין דער פרעמד...

זי באשליסט: „מען דארף נישט ווארטן אויף א צעטל, בעסער גלייך זיך פארשרייבן צוזאמען! אויף לעבן און טויט! זאל ער קומען צו די פוסטע ווענט, זאל ער"...

אירע ווייסע ליפן גיבן א כארכל. זי פארשטעלט דאס פנים פארן קינד און גיט א האסטיקן שפיי הינטער זיך. בלייבט א רויטער פלעק אין ווייסן פינקלדיקן שניי, וואס ווערט פארטרעטן פון טריט פון שווערע האלצערנע שיך.



אין טעפּיכער רעסארט (ווארשטאט) איז כמעט פינצטער.

פון שמאטעס און אפפאל ווערן דא אויסגעארבעט טעפּיכער מיט מוסטערן־פערסישע און טיראלישע, מיט פויערישע קאלירטע פאסן און געקעסטלטע רואיקע קילימס, גרינע פאלמען, פארביקע בלומען און איבער זיי א העלע זון, ווי א גאלדענער גרויסער טעלער. יעדער טעפּיך שאפט א בילד פון ווייטן שוין לאנג פארגעסענעם לעבן. א דערמאנונג פון זאטע היימען, מנוחהדיקע טעג.

פון אלע גאסן און געסלעך קומען זיי די פרויען און מיידלעך און מיט בלויע, געפרוירענע פינגער וועבן זיי אויס אין די הילצערנע ראמען זייער בענקשאפט צו פרייהייט, צו לעבן. פון שמאטעס וועבן זיי אויס פארביקע טעפּיכער. זיי ווייסן: די שמאטעס זענען פון פארשיקטע, וועלכע מען האט ארויס־געפירט פון געטא. אבער ווען עס וועלן נישט קומען קיין שמאטעס, וועלן די ראמען הענגען מיט פוסטע פעדים נעצן, ווי אפענע מיילער און א הונגער וועט גיין אויף זיי אלע.

יעדעס מאל, ווען עס קומט א וועגעלע מיט „אלטווארג" לאזן זיי אלע זיך לויפן פון די זאלן. שטעלן זיך ארום דעם וואגן און נעמען זיך רייסן איבער די חפצים. אייליק שלעפן זיי שטיקער פון ווייסע ציכן, אלטע וועש, און בייע קליידער, זוכן פרישע, לעבעדיקע פארבן. קלאמערן זיך הענט אין די פעק, וואס מערער ארויסצורייסן פונעם אנגעווארפענעם בארג זאכן און בלייבן פארציטערט, ווען זיי ציען פלוצים ארויס א שייטל, א טלית, א בילד פון א קינד. עס איז אבער נישטא קיין צייט צו טראכטן. באלד לויפן זיי צוריק צו די ראמען, אניאגן די פארלוירענע צייט. יעדער צענטימעטער פונעם טעפּיך איז ברויט, איז לעבן.

די דייטשן דארפן די טעפּיכער. יעדעס מאל, ווען זיי באזוכן דעם רעסארט, שאקלען זיי מיט די קעפּ, באוואונדערן:

— אַזעלכע קונסטשטיק פון אַזאַ ד... נישט צו פאַרשטיין!

דער אָנפירער פון רעסאָרט שיע קלערמאַן זיצט אין זיין קאַבינעט און באַטראַכט אַ פאַרצווייפלטער די אַלע מוסטערן, וואָס הענגען ווי בילדער אויף די ווענט. די פּעאיקסטע פרויען האָבן אויסגעוועבט „פייגל אין דער לופטן", ממש בלומען און חיות.

ער ווייסט איצט נישט וואָס צו טאָן מיט זיך און די אַלע געטרייע אַרבעטערינס, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים דעם רעסאָרט געבויט.

ער האָט געגלויבט, אַז זיין דערפינדונג, טעפּיכער פון שמאַטעס, וועט געבן אַרבעט און ברויט אַפילו קינדער און זקנים, פאַרזיכערן הונדערטער יידן פון אומקום, פון פאַרשיקונג. ווי אַזוי קאָן ער היינט מיט אייגענע הענט אויסשטעלן אַ ליסטע, אַליין אומברענגען, וואָס ער האָט געשאַפן? אויף זיין טיש ליגן בריוו, צעטלעך און רשימות, וואָס זענען נעכטן צוגעטראָגן געוואָרן. ער לייענט זיי אויפסניי און ווייסט נישט וואָס מיט דעם אַלעמען טאָן.

וואַקסט אויס פאַר זיינע אויגן דער זון פון בונעם שמולעוויטש, פון דעם פאַרמלחמהדיקן סוחר און בעל־צדקה, מיט אַ בריוו פון רב איז ער געקומען.

זיין פּנים איז אַרומגעבונדן מיט אַ לאַנגן ווייבערישן זאַק אין וועלכן ער האָט אַריינגעפּאַקט די פּאות און די שוואַרצע האָר פונעם שיטערן בערדל. ער וועט זיך דעם דייטש נישט אונטערגעבן — נישט אָפּשניידן די באָרד! אַזוי ווי ער האָט ביז היינט זיין מויל נישט טריפה געמאַכט מיט זייער נבלה פערדס־פליש, וואָס זיי גיבן אַריין אין געטאָ. אויף אים וועלן זיי קיין שליטה נישט האָבן!

זיין בלייך פּנים און רויטע, געשוואָלענע אויגן האָבן עדות געזאָגט, אַז ער פאַסט תעניתים, טוט תשובה, זאָגט גאַנצע נעכט תהילים. די אַרבעט פאַרן דייטש מאַכט ער נאָר אויף יוצא צו זיין, צוליב דער ברויט־קאַרטע. ער וויל נישט זיין לעבן אויסבאַהאַלטן אונטער יענעמס טויט. ער איז גרייט צו גיין אויף קידוש־השם פאַר אַלע יידן. נאָר אין דער היים ליגט דער קראַנקער טאַטע. וואָכנלאַנג גוססט ער און קאָן נישט שטאַרבן. אויב דער טאַטע וועט אויסגיין, ווער וועט אים ברענגען צו קבר ישראל?

דער רב האָט געשריבן מיט פּסוקים און פּינטעלעך, רייד פאַרשטעלטע, קיינער זאָל זיין בריוול נישט פאַרשטיין, אויב עס וועט אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט:

„ידידי יקר... דו פארשטייסט די צייט, דעם גלות, וואס מיר מאכן מיט... מען טאר דעם עמלק נישט אפגעבן אונזערע בעסטע קינדער... פון גירוש מוז מען אפהיטן אלע וויל־לערנער, ישיבה־בחורים... די בעסטעביימער זאלן נישט פאר־שניטן ווערן... דאס ליכט פון דער תורה זאל חלילה נישט אויסגיין...

דער רעסארט לייטער האט נישט באוויזן צו ענדיקן דאס בריוול, ווי עס איז ארייגעקומען דער „רויטער שמואל".

אן שום רייד האט ער דערלאנגט א רשימה: „דאס זענען אונזערע מענטשן" — האט ער קורץ געזאגט, געגעבן צו פארשטיין, אז זיי טאר מען נישט רירן. זיין פנים איז פול מיט האס, די אויגן שטעכן ווי שפיזן, דראען: „די רויטע ארמיי וועט זיך אפרעכענען מיט אייך אלע פאר יעדן פארשיקטן... מירן קיינעם נישט פארשווייגן... איר וועט אלע הענגען אויף די לאמטערן!

גלייך דערנאך איז אריינגעקומען דער פארשטייער פון ציוניסטישן בלאק. ער איז קיינמאל נישט געווען קיין שליח־ציבור. די צייט האט אים ארויסגעהויבן, אנגעוויזן זיין וועג. ער האט אוועקגעלייגט עטלעכע געדיכט פארשריבענע בויגנס אויפן טיש און מיט א געבראכענער שטים געזאגט:

— מען דארף נישט שיקן קיינעם... אבער אויב מיר גלויבן אז נישט אלץ וועט אומקומען אין דעם מבול... אז עפעס וועט דאך בלייבן, דארפן מיר ראטעווען אונזער יוגנט... אונזערע חלוצים! ווער אויב נישט זיי וועלן בויען אויפסניי? וועלן... וועלן... ער האט געוואלט געפינען ווערטער וואגיקע, פולע, נאר זיין האַרץ איז געווען פול מיט טרערן. זיי האבן אנגעהויבן רינען איבער זיין פנים. אונזערע חלוצים... אונזער האפנונג! גלייך האט ער דערלאנגט א צעטעל מיט די פארמלחמהדיקע התאחדות און פועלי־ציון חברים. זאמלער פארן ק.ק.ל. פאר תרבות. אויף שקלים. שטיל פארטרווילעך האט ער אויסגעצישעט צווישן די ציין:

— זיי ליגן טיף אין ד'רערד... עס גייט זיי שלעכט אויף די פראנטן... עס גייט צו נעילה... נעמען זיי נקמה אין די יידעלעך... מירן זיי איבערלעבן! מיר מוזן נאר אפהיטן די... די בעסטע... דעם קרן...

מיט זיי וועלן מיר נאך אפשר ווערן א פאלק... די ראדיא האט איבער־געגעבן...

ער האט געוואלט זיין האפערדיק און פעסט נאר זיין געבראכענע שטים און וואקלדיקע טריט, האבן באוויזן, אז זיין בטחון איז ווי א דינער פאדעם,

וואס אט, אט, וועט ער זיך איבערייסן. זיין אויסגעריבענער מאנטל איז געווען אזוי גרוי, ווי זיין פנים. ער האט געזאגט א שטילן שלום און איז אוועק.

פארנאכט איז דורך די אונטערגעסלעך און אויסגעהאקטע עפנונגען צווישן די מוירן אויף די הייף, געקומען דער פארשטייער פון „בונד". ער איז געווען א פארמלחמהדיקער טוער אין די פראפעסיאנעלע פעריינען. א רעדנער אויף פאר־זאמלונגען, פיאנער פון קינדער־קאלאניעס און יידישע שולן. אין זיין רשימה זענען געווען די קינדער פון אמאליקן „סקיף" ־ „צוקונפט", פרויען פון בונדיסטן, וואס האבן געארבעט אין רעסארט.

ער איז געווען א בארעדעוודיקער מאן. זיינע כוחות זענען אין געטא אויסגעגאנגען, נאר דאס, פעסטע זיכערע לשון איז אים געבליבן. מיט זיין לשון האט ער מיטן דייטש מלחמה געפירט. זיין היים אין געטא געווארן א פארטיי. יעדן חבר האט ער געדענקט און געקענט. צו זיי אלע מיט ידיעות געקומען. זיי וועלן אונז נישט איינבר'עכן... האט ער פארענדיקט יעדעס מאל זיין לעצטן ראדיא־נאכריכט... אפטמאל האט אים זיין פרוי געווארנט: „דו וועסט הענגען אויף דער צונג! דיין אייגן מויל וועט דיך אומברענגען"!

ער האט נאר מיט א ביטול שמייכל אויסגעהערט אירע רייד און געטאן זיין ארבעט. איצט אין דער שטוב פון רעסארט־לייטער איז זיין צונג שטום גע־ווארן. ער וויל רעדן מיט ווערטער פאסיקע, פיינע, נאר ער שטייט געבראכן און ווייסט נישט ווי אָנצוהייבן:

— איך אפעליר צו אייך... איר זאלט די מענטשן נישט נעמען אויף אייער געוויסן... דאס זענען יידיש ארבעטער... ארנטלעכע פאלקס־מענטשן... יע־דער ריין ווי א טרער, קיינעם קיין שלעכטס אין געטא נישט געטאן... דאס זענען באוווסטזיניקע קעמפער פאר יידישע און מענטשלעכע רעכט! דאס זענען די בעסטע, וואס מיר האבן! נאך דער מלחמה וועט זיגן דער סאציאליזם און דאס איז... איז די אוואנגארד!

עס האט אים באאומרואיקט, וואס דער רעסארט־פירער האט גענומען די ליסטע און גארנישט געענטפערט.

האט ער מיט אן אנדערע שטים אנגעהויבן: עס זאל דער פרעזעס אליין מאכן די ליסטע, אזוי ווי ער טוט אלץ אליין! זאל ער שיקן די גנבים! די ווילע־יונגען! די וואס פרעסן און הולען גאנצע נעכט!

ער האט אראפגעלאזט דעם קאפ און שטילער צוגעגעבן: — זאל רור־מקאווסקי שיקן די מוסרים... די אונטערוועלט... די קרעץ... ער האט וועמען צו שיקן!



שיע קלערמאן, דער לייטער פון רעסארט זיצט פארטראכט, פינצטער און אויסגעלאשן. די אלע רשימות פון אלע רעכטע און אלע לינקע פארטייען, פון די פרומע און פון די פריידענקער ליגן פאר אים אויפן טיש. ער דארף זייערע נעמען נישט לייענען. ער קאן זיי אלע.

אויף דער רשימה זענען נאר נישט פאראנען די פארטריבענע פון די קליינע שטעטלעך. די מאמעס פון קליינע קינדער און די אלטע באבעס. די כאלופניקעס, וואס נעמען די שמאטעס אהיים און גרייטן צו פון זיי קנוילן פון דינע פאסיקלעך צו די טעפיכער.

ער לייגט אוועק די אלע רשימות, בריוולעך און צעטלעך. מיט וואס זענען ערגער די, וואס האבן נישט קיין ארגאניזאציע? די וואס קערן זיך נישט אן מיט קיינעם? — שלאגט זיך אין זיין מוח א געדאנק.

וועמען אויפגעבן אויף דער ליסטע? — טראכט ער צעטומלט. די מאמעס פון פיצלעך קינדער? די אלטע באבעס, וואס האבן איבערגעלעבט די גאנצע משפחה און גלויבן, אז אט, אט קומט דער נס? ווער איז דער בעסערער ייד און ווער איז דער ערגערער? זאל איך עס משפטן?... און אויב די דייטשן וועלן קומען און אליין נעמען? — פרעגט אין אים א שטים מיט פחד. דער פחד פארנעפלט אלע פריערדיקע רייד און מחשבות. גלייך ענטפערט ער זיך אליין: „אז זיי וועלן קומען אין געטא וועט זיך גיסן בלוט אויף די גאסן! אלץ וועט אונטערגיין! א הויפן מיסט וועט בלייבן נאך אלע״...

ער האט נישט געהערט ווי די טיר האט זיך אויפגעמאכט. צו זיין טיש איז צוגעגאנגען א פארטריבענע פרוי פון פראג, פרוי מאריא פראהאסקא און שטיל אוועקגעלייגט א בריוו. גארנישט זאגנדיק איז זי ארויסגעגאנגען.

ער האט אים גענומען אין די האנט און הויך אנגעהויבן לייענען:

„...פיל געערטער הער לייטער. אנטשולדיקט מיר מיין דרייסטקייט. נאר איך האב נישט קיין מוט מיט אייך היינט צו רעדן. איר האט מיר אזויפיל מאל ארויסגעוויזן אייער איידלקייט, אז איך קען נישט גלויבן, איר זאלט היינט מיט אייער פעדער מיין לעבן איבערשטרייכן. איך ווייס, די ערשטע וועלן גיין די איינזאמע. די וואס האבן נישט קיינעם. אבער... געערטער הער.... האט מיטלייד אויף אן עלנטע פרוי, וואס האט שוין איינמאל איר היים פארלוירן. ארויסגעריסן געווארן פון... פון... (דא קומען גרויסע ברייטע פלעקן און גלייך א דייטשלעכע, פיינע שריפט) ווי שווער איז מיר געווען זיך צו געוווינען צו א געטא! ווי אפט איך האב געטראכט וועגן זעלבסמארד... אבער נאר דערפאר, וואס איך בין א גלויביקע, איך האב יארן שטודירט טעאלאגיע, דערפאר האב איך עס נישט געטאן. איך ווייס, אז א מענטש טאר נישט אליין פארניכטן דאס לעבן, וואס איז אים געגעבן געווארן. איר האט מיר א סאך מאל געהאלפן, ווען איך בין געווען ביז גאר פארצווייפלט... איך וועל קיינמאל נישט פארגעסן, אז איר האט מיר געשיקט א זעקל האלץ ווען איך בין געווען קראנק. מיין גאט, איך שרייב אזוי כאאטיש! איך בין פול מיט דאנקבארקייט צו אייך, וואס איר האט מיר נישט געלאזט אויסגיין פון הונגער און קעלט. איר האט מיך אזויפיל דערמוטיקט, אז איך גלויב, אז אויך איצטער, וועט איר נישט זיין דער, וואס וועט מיך פאראורטיילן ווידער ערגעץ וואו פארשיקט ווערן. איך בין שוין אלט. אבער איך האב נאך גארנישט געלעבט. היינט זייט איר דער האר פון מיין לעבן. איך אליין קאן מיך נישט שיצן איך האב נישט קיינעם. זאל גאט אייך שטארקן.

האכאכטונגספאל... אייערע דאנקבארע מאריא פ.”

די גאנצע נאכט האט די פרייליין מערי, ווי מען האט זי אין רעסארט גערופן, געשריבן בריוו און גלייך זיי צעריסן. פון אונטער אירע צוגעמאלטע וויעס, זענען גערונען שווארצע טרערן. אויסגעמישט די אותיות, צעווייקט דאס פאפיר. זי ווייסט, אז זי וועט נישט קענען דאסמאל ארייננגיין צום לייטער, ווי יעדעס מאל, ווען עס קומט אויף איר א נויט. אירע נערוון וועלן ביים ערשטן ווארט איינ־ברעכן און פארוואנדלען אין א שרייענדיק געוויין.

עס איז עקלהאפט צו מאכן א היסטערישן ספעקטאקל — האט זי געטראכט אין זיך צוזאמענלייגנדיק אירע באליבטע ביכער אין איר רוקזאק. די אפגענוצטע קליידער און וועש.

איצט, אין גרויעם באגינען שטייט זי אין כמעט פינצטערן זאל ביי איר ראם. מיט די לאנגע, שמאלע פינגער ווערבט זי איר פארביקן טעפיך און פאר אירע

אויגן, ווי א פייערדיקער שלאנג רוקן זיך וואגאנען, וואגאנען. רעדער טראסקען און סיקען. צעטומלען און באטויבן, ווי דאן, ווען זי איז פון איר היים פארשיקט געווארן.

— זאל געשען אלץ, וואס איז מיר באשערט, נאר נישט זיין אויף דער ליסטע! — רעדט זי צו זיך א פארלוירענע, אומבאהאלפענע.

אומעטיק טונקעלער ווינטער פארנאכט לאזט זיך אראפ איבער דעם טעפיכער־רעסארט. שאטנס פארהילן די שניי־ווייסקייט. עס טונקלט אין קאבינעט פונעם רעסארט־לייטער שיע קלערמאן. פיינלעך טונקל איז אין זיין מוח. מארגן דארף פארטיק ווערן די ליסטע.

אויפן ברייטן שרייבטיש, פאר זיינע אויגן ליגן אנגעווארפן בריוו, צעטעלעך און ליסטעס. זיי וואקסן אויס אין א בארג. ווערן וואס אמאל מער און מער. ער ווייסט: דאס גאנצע פאלק איז אויף דער ליסטע...

ציטערן זיינע ליפן א תפילה:

גאט באווייז א נס... זיי זאלן עס נישט באווייזן.

# איין זופּ

אין טישלער־שאפּ איז נאָך האַלב־פינצטער. נאָר אין פאַדער־שטיבל, וואו עס זיצט דער נאַכט־וועכטער, ברענט אַ קליין לעמפּל מיט אַ שוואַכן, פאַרחלשטן פלאַם, ווי קוים געקאָנט זיך דערוואַרטן דעם טאָג.

אין די גרויסע, לאַנגע זאַלן ליגן צעוואָרפן לייסטן צו שלייפן, קלעצער צו זעגן, ברעטער צו שניידן, טיילן צו די קליינע בענקלעך, וועלכע עס אַרבעטן אויס די „יוגנטלעכע אַרבעטער" — קינדער, וואָס ווערן אויסבאַהאַלטן פאַר דער פאַרשיקונג מיט אַן אַרבעטס־קאַרט, גרויסע קאַסטנס, וועגן וועלכע עס ווערט גערעדט, אַז זיי וועלן גיין אויף די פראָנטן „קעגן פיינט", קליינע ציגאַרן שעכטע־לעך, וואָס עס אַרבעטן אויס פריילײַנס פון די בעסערע הייזער, וואָס עס איז אַ שאָד אָוועקצושטעלן ביי די גרויסע קאַסטנס צו קלאַפּן נעגל צוזאַמען מיט די פאַרעלטערטע מיידן און פּראָסטע יונגען.

ווי שקעלעטן שטאַרן די לייב־זעגן, קרייץ־זעגן און טאַקער־מאַשינען, וואָס פּרעסן־אויף צוזאַמען מיט די ברעטער די לונגען פון די בלאַסע געטאָ־בחורים, אַמאַליקע פעסטע טישלער יונגען, פאַרריין־מענטשן, שטרייקערס. ווי אַ כישוף וואָלט פון זיי אַפּגענומען די מאַכט, שטאַרן זיי טויט, פאַרגליווערט.

שטיל איז אין די זאַלן.

פון אונטער די מאַשינען הערט זיך קוים אַ שאָרך און ווידער איז שטיל. פאַמעלעך, פאַרזיכטיק, קלייבן ציטערדיקע הענט טראַטשינעס און האָלץ־אָפּפאַל, פּאַקן מיט זיי אָן די טעפּלעך און טאָרבעס, וואָס זיי נעמען מיט זיך צו דער אַרבעט, די אַרבל פון די ברייטע שירצן, די טאַשן פון די מאַנטלען.

פּלוצלינג האָט זיך ווער טרוקן און הויך צעהוסט, ווי אַ סקריפּ פון אַ זעג אַריינגעריסן אין דער שטילקייט.

— שאַ, שאַ, שטילער דאָרט! האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגערופן עטלעכע דער־שראָקענע אָפּגעהאַקטע קולות פון פאַרשידענע עקן זאַל.

ווי צו להכעיס האט ווער ברייט און הילכיק אויסגעשאסן מיט א געלעכטער און עס האט זיך צעטראגן איבערן זאל, ווי א ווייטער פארגעסענער עכא.

די דערשטוינטע פרויען האבן פאר גרויס איבערראשונג נישט געוווסט וואָס מיט זיך צו טאָן. עטלעכע פארשטויבטע קעפּ האבן זיך אויפגעהויבן פון אונטער די מאשינען. דערשראקענע אויגן האבן גענומען זיך ארומקוקן פארחידושט.

— וואס איז דא אזוי מורא צו האבן, וואס נעמען מיר דען? ס'ביסל מיסט! — האט וואס אמאל העכער געקלונגען לייקעס קול איבערן פוסטן זאל און פארוואונדערט געענדיקט: וואס קאן שאטן ביבאָוון *), אז מיר נעמען דאס ביסל טראטשינעס. די פראדוקציע ווערט דאך סיי ווי צוגעשטעלט! וואס איז זיין עסק? די קעפּ האבן זיך שווייגנדיק אראפגעלאזט צו דער ערד, די הענט ווייטער צוזאמענגענומען די שפּענער צווישן די רעדער פון די מאשינען. קיינער האט נישט בדעה איצט איינצוטענהן. דאס ביסל מיסט איז ברענמאטעריאל, אויף וועלכן מען קאָן אפקאכן א ביסל ווארעמס. און אויב עס וועט נישט זיין דאס ביסל ווארעמס, וועט דען די פראדוקציע נישט צוגעשטעלט ווערן? פעלן דען יידן פון אנדערע געטאָס, ווען זיי וועלן אפּשטיין ביי דער ארבעט און בלייבן אין דער היים אין די בעטן?

איינציקווייז הייבן זיי זיך אויף, שטויבן אפּ די מלבושים, ווישן אפּ די פארשמירטע פנימער, און נעמען זיך פאמעלעך, וואקלענדיק זיך ווי שאטנס, שארן פונעם מאשינען־זאל. זיי ווילן וואס גיכער פארשווינדן מיטן ביסל ברענעכץ, פארשטעקן עס אין די זאלן אונטער די ארבעטס־טישן, צווישן די קאסטנס.

ווי פון אונטער דער ערד וואקסט אויס דער „סאַלאָווי **) לעאָן, א הויכער, שלאַנקער בחור אין א גרויסער לאנגער ארבעטס־שערץ.

— ווידער געקליבן טראטשינעס? ווייניק איז וועגן דעם גערעדט געווארן? איר וועט פריער נישט אויפהערן, ביז איך...

די ארבעטארינס צעלויפן זיך.

---

* ביבאָוו — דער לייטער פון געטאָ־פאַרוואלטונג.

** אָן אָרדנער פון זאל.

זיי ווייסן, אַז לעאָן שרייט אין דער לופט אריין נאָר אויף אַפּצושרעקן. ערגער וואָלט געווען, ווען עס וואָלט זיי געפּאַקט דער גראַבער שמואל. ער וואָלט גאָרנישט געזאָגט, נאָר ביי יעדער אויסגעשיט דאָס ביסל טראַטשינעס און דעם טאָג וואָלט קיינע פון זיי די זופּ נישט באַקומען. אַזאַנער איז ער שוין. ער האָט פיינט צו רעדן.

ביסלעכווייז קומען זיך צונויף די אַרבעטאָרינס פון די געטאָ גאַסן און געסלעך. פאַרשנייטע, פאַרפרוירענע, לויפן זיי אַרום לענג אויס די זאַלן אויף צו דערוואַרעמען זיך. קלאַפּן בעל־עגליש מיט די הענט, טופּען מיט די פיס.

ווי אַ בלויער נעפּל הענגט די פראָסט איבער די זאַלן, פאַרהאַקט דעם אָטעם אין די ברוסטן.

אומעטיק ברענען די לעמפּלעך, ווי זיי וואָלטן נישט געקאָנט קוקן אין די אויגן פון די הונגעריקע, פאַרפרוירענע פרויען און מיידלעך. אַרומגעהילט אין די פּאַטשיילעס, מיט די קאַפּטיכער נידעריק איבערן שטערן אַראָפּגעצויגן, זעען זיי אויס ווי פאַרגליווערטע, קוים זיי האַלטן אין די בלויע, שטייפע פינגער די לייסטלעך צום אַרומשלייפן.

איין מאַשין נאָך דער צווייטער וועקט זיך פון שלאָף. גיט אַ ציי מיט די רעדער, אַ שלעפּ מיט די ציין, אַ צעברום און צעקלינג, אַזש מיט אַ קרעכץ הייבן זיך אָן צו וויגן די ווענט, טרעשטשען די ברעטער פון דיל.

אין די זאַלן פון די גרויסע קאַסטנס הייבן אָן צו קלאַפּן די האַמערס הילכיק און צאַרניק, ווי זיי וואָלטן אָנגעזאָגט נקמה, קאַמף.

ווי איבער אַ בינשטאָק צעטראָגט זיך דער רעש פון זאַלן אין די ביורא־צימערלעך איבערן הויף.

דער שאַפּ האָט זיך אויפגעוועקט און אָנגעהויבן זיין משונהדיקן אַקאָרד־געיעג פאַר פּראָדוקציע, פאַר לעבן.

2

מיטן אָנקומען פון דער אויפזעערין ליובאַ ווערט פרייליכער אין דער שלייפערי. אַליין אַ קליינע, צאַרטע, קוים וואָס זי זעט זיך אַרויס פון צווישן די מאַשינען, שטראַלט מיט אַ מאָדנער וואַרעמקייט, וואָס רופט אַרויס אויף יעדן פּנים פריינטלעכן שמייכל, אַ פונק פון האָפענונג.

זי גייט פון מאשין צו מאשין, טענהט זיך אויס מיט יעדער פון די ארבעטארינס באזונדער. זי קען אלע זייערע זארגן, די נעמען פון זייערע קינדער, די בריוו פון זייערע מענער וואס זענען אוועק אין טיפן רוסלאנד. אמלענגסטן פלעגט זי זיך פארהאלטן ביי דער פרוי יאקובאָוויטש, א פארמלחמהדיקע שטאפערין, די בעסטע טישלערין אין שאפ. שוין אויף אלע מאשינען האט זי געארבעט, ביז זי האט זיך אויסגעבעטן אן אָרט אין דער שלייפעריי. היינט זיצט זי ביי דער ארבעט א רואיקע, צופרידענע, ענדלעך דבורהלען אין א שאפ אפגעגעבן. א מיידעלע שוין פון צען יאָר און ביי קיין ארבעט נישט געקאנט זי איינאָרדנען. עפעס איז זי גאר א קליינע געווארן. קיינער האט נישט געוואלט גלויבן אין אירע יאָרן. זיכער וועט זי זיך אויסלערנען צוזאמענלייגן די הענטשקעס צו דער פאר. א נאַרישקייט וועט עס זיין פאר איר! יעדן טאג א ביסל ווארעמס באקומען. נישט ארומדרייען זיך אליין אין דער קאלטער שטוב. ווי עס זאל נישט זיין, באגייט מען זיך דאך גוט מיט די קינדער אין די רעסארטן — טראכט זי, שלייפנדיק די לייסטלעך. מיטאמאל באפאלט זי א בענקשאפט צו איר משהן. א פארזארגטע הייבט זי אָן איבערקלערן: שוין דריי יאר פון אים קיין בריוול נישט דערהאלטן. ווי זעט ער איצט אויס? וואר טוט עפעס פאר אים? באלד אָבער הייבט זי זיך אליין אָן בארואיקן. זיכער איז ער דארט א וואזשנער מענטש געווארן. די בריוועלעך וואס זענען אין דער ערשטער צייט אנגעקומען פון אוראַל האבן געזאגט, אז ער איז שוין פון לאנג נישט דער זעלבער משה. ווי דען, טראכט זי ווייטער, דארט מיאוסט מען זיך נישט מיט א יידן, זיכער איז ער דארט אַן אָנפירער, א קאמיסאר געווארן...

מיט דער אויפזעערין ליובאַ האט זי שטענדיק א סך סודות. ארומקוקנדיק זיך אין אלע זייטן, רעדט זי אריין אין איר לאנג שטילערהייט און מיט אַן אנגעצונדן פנים פארענדיקט שטענדיק אזוי אייגן:

— אָט אָט קומען זיי, די רוסטע! עס פעלט שוין נישט א סך... נו, נו, זאל נאר מיין משה קומען מיט די רוסטע זיי וועלן שוין א סוף מאכן מיטן דייטש און מיט זייערע געטרייע יידעלעך! הלוואי וואס גיכער...

ליובאַ שאקלט מיטן קאפ, טראַץ איר אזוי רואיקן און אזוי זיכערן אויסזען, ווייס זי, אז עס איז נאך נישט אזוי נאענט צום סוף, און ווער ווייסט, צו דאן וועט נאך ווער בלייבן אויף צערעכענען זיך. אירע קלוגע אויגן באדעקן זיך אויף א ווײַלע מיט א נעפל, באלד אבער פארטרייבט זי די טרויעריקע מחשבה, שטעלט זיך אוועק ביי דער מאשין, וואו עס ארבעט

רחלע, דאס קינד פון דער שלייפעריי און ציט פאר איר ארויס א ביכל פון פארטעך.

גיריק נעמט רחלע דאס ביכל, גיט א מיש מיט די בלעטער און צע־שמייכלט זיך:

— אַ... „מאָטל פייסי״... כ׳האב עס שוין פון לאנג געלייענט! איר מיינט פריילין ליובאַ אז איך בין אזא פראסטע, גארנישט געלערנט, און ווי א שולדיקע הייבט זי זיך אָן פארטיידיקן:

— ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן האב איך געהאט עלף יאר, וואס האב איך דען געקאָנט זיך אויסלערנען? און היינט נאך דער ארבעט דארף מען גיין אין קאָאָפעראַטיוו, אויסוואַשן א ביסל וועש. נאר ביינאכט קאָן איך לייענען, ווען אלע שלאפן שוין. דער טאטעשי זאגט, אז ווען עס וואלט זיך געפינען עפעס א לערערקע וואלט ער אויפגעגנייט א מאנטל צי וואס, מיר וואלטן שוין באצאלט... נאר עס איז שווער צו געפינען. ליובאַ טראכט א רגע און ווי זי וואלט זיך געוווּנדערט אירע אייגענע ווערטער ענטפערט זי:

— נעם צוזאם, א פאר מיידלעך, מירן שוין זען...

— טאקע, פריילין ליובא — צינדן זיך אָן די אויגן ביי רחלען, איר וואלט געוואלט מיך לערנען? און באלד לעשן זיי זיך אויס מיט באדויער:

— איך האב נישט קיינעם... זיי ווילן נישט! איך האב געהערט, אז אין די ארגאניזאציעס זענען יעדע וואך פארשידענע לעקציעס. כ׳וואלט זיך פארשריבן. ווי מיינט איר פריילין ליובא, וועלכע איז די בעסטע?

— איך ווייס נישט, רחלע, ענפערט ווארעם ליובא. איך זוך אליין. זי פארקוקט זיך אויף אירע קליינע, בלויע הענטלעך, וואס שלייפן אזוי געשיקט די לייסטלעך, ווי זיי וואלטן שוין יאָרן לאנג געארבעט ביי א מאשין. מיטאמאל דערמאנט זי זיך וועגן דער דעלעגאטן־פארזאמלונג, וואס איז גערופן געווארן און איז, פארקעמענדיק אייליק די צעשויבערטע, מיט שטויב באדעקטע האר, ארויס פון זאל.

אין סעקרעטאריאט־שטיבל האבן זיך צוזאמענגענומען די רעסאָרט־דעלע־גאטן. אויף א רגע זענען זיי ארויס פון דער געטא ווירקלעכקייט, דערמאנט די אמאליקע פארזאמלונגען, הייסע וויכוחים און מיט אראפגעלאזטע קעפ, שווייגנדיק געזעסן, געווארט, וואס דער פארזיצער וועט איבערגעבן.

— ווער פעלט? — האט אומגעדולדיק זיך אָנגערופן שמעון דער פאָר־זיצער. עס דאכט זיך, אז צווישן די דעלעגאטן דארף שוין יאָ זיין א ביסל דיסציפלין...

— מען דארף נישט ווארטן אויף קיינעם, ווער ס'האט נישט קיין אינטערעס, דארף מען נישט — האט זיך ארייגעמישט די דעלעגאטקע פון די קינדער־בענקלעך. צום ערשטן מאל איז זי אויף א פארזאמלונג פון אזא מין און איז גאר איבערנומען מיט איר מיסיע.

שמעון, דער הייצער, א געוועזענער סטודענט פון לערער־סעמינאַר, האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין ארט מיט א שטים, ווי ער וואלט גערעדט פאר א ברייטן עולם, אנגעהויבן:

— חברים ארבעטער! די שווערע לאגע אין די רעסאָרטן און אין אונדזער רעסארט בפרט צווינגט אונדז זיך צו פארטראכטן, ווי אזוי צו העלפן די ארבעטער, זיי זאלן קאָנען זיך ווייטער אויפהאלטן. די צאל קראנקע און שוואכע ווערט מיט יעדע וואך גרעסער און אונדזער פליכט איז ראטעווען מיט אלע אונדזערע באשיידענע מעגלעכקייטן. יעדער פון אייך דארף אפעלירן צו די הומאַנע געפילן...

די דעלעגאטן האבן אנגעהויבן אומגעדולדיק זיך צו דרייען אויף די בענקלעך, עטלעכע האבן זיך צעהוסט, ווי זיי וואלטן געוואלט געבן צו פארשטיין, אז עס איז נישט נייטיק צו האלטן אזעלכע לאנגע דרשות. לייב, דער דעלעגאט פון מאשין־זאל האט שטיל אין א זייט א זאג געטאן:

— איך מיין, אז מיר דארפן דא זיך נישט שפילן אין א פארלאמענט, וואס לייגט פאר דער פארזיצער?

שמעון, דער פארזיצער, האט אויפגעמאכט זיינע פארחלומטע אויגן, וואס זענען געווען געווענדט ערגעץ אין דער ווייט און א צעמישטער א קוק געטאן אויף די צוזאמענגענומענע ארבעטער. דערזעענדיק אין זייערע אויגן שפאט געלעכטערלעך און א געצוימטן חוזק, א טראכט געטאן: לאבוזעס! — און הארט אפגעענטפערט:

— איר דארפט אין יעדן זאל צוזאמעננעמען די ארבעטער. דערקלערן דעם זין פון דער זעלבסטהילף און פארלייגן יעדער זאל אפגעבן פון זיין

ראַציע א דעקאָ מעל, א דעקאָ צוקער, א קאַרטאָפל, א דעקא אייל. יעדע וואָך וועלן מיר באשטימען, ווער פון די קראַנקע...

— זענען מיר דאך שוין געהאלפן געווארן — האט זיך ווער אין א זייט צעלאכט.

איך בעט א ווארט! — האט אַן אויפגערעגטער זיך אנגערופן דער דעלעגאט פון די קאסטנס...

— זאל באשטימט ווערן נאר פינף מינוט צו רעדן — האבן עטלעכע דעלעגאטן צוזאמען אריינגערעדט. מיר האבן געלאזן די ארבעט, מיר קאָנען נישט אפזיצן שעהען...

— כ'האב נאך נישט געענדיקט! — האט געשריען דער פארזיצער, — לאזט רעדן...

נישט ווארטנדיק אויף זיין ריי, האט א מאשינער אנגעהויבן:

— ווי איך זע, איז דא צוגעגרייט געווארן א גאנצע פארזאמלונג מיט גרויסע פלענער. דאס הייסט, אז מיר, די ארבעטער פון שאפ, דארפן זיך נעמען צו ראטעווען די קראנקע אפגעבנדיק א טייל פון אונזער הונגער־ראציע וואס מיר באקומען. האט דען נישט יעדער פון אונדז אין דער היים קראנקע טאטע־מאמע, אפגעשוואכטע, אויסגעדארטע קינדער? ווער זאלן מיר פריער ראטעווען? זאגט, ווער פון אייך איז בכוח אפצוגעבן א דעקא צוקער און א דעקאָ אייל! הונגערט דען נישט יעדער פון אונדז?

— אמת, אמת... האבן די פארזאמלטע צוגעשטימט — וויפל באקומען מיר דען אינגאנצן?

— רייסט נישט איבער — האט זיך פארהאקט דער דעלעגאט און ווייטער רעדן נישט געקאנט, ווי מיטאמאל וואלטן זיינע געדאנקען אויסגערונען.

דערווייל האט זיך אויפגעשטעלט דער דעלעגאט פון דריטן זאל, א מיט־גליד פון דער פאַך־קאָמיסיע אין דעם פארמלחמהדיקן טישלער פאריין, און נישט ווארטנדיק אויף א ווארט גענומען רעדן. קורץ און הארט האט ער דערקלערט:

— חברים דעלעגאטן! מיר, די באוווסטזיניקע ארבעטער פון שאפ דארפן זיך נישט לאזן פארפירן אויף קיין וועג פון קאָמפּראָמיסן, נישט איינגיין

אויף געמיינזאמע פלענער מיטן „באלוטער־פלאץ״, מיט דער געטא־אדמיניסטראַ־ציע. זיי, די פירער פון באלוטער־פלאץ, וואס זענען שולדיק פארן טויט פון טויזנטער ארבעטער, וואס צעטראגן און צעגנבענען די געטא־אפּראָוויזאַציע, רויבן אוועק דעם ביסן פון אונדזער מויל, קומען צו אונדז מיט פלענער פון זעבסטהילף! דאס איז א נידערטרעכטיקער חוזק פון אונדז אלע! זאלן זיי זיך אפּזאגן פון זייערע דיעטן און טאַלאָנען, צעטיילן דאס, וואס זיי האבן אין זייערע קעלערס, וועט שוין סטייען אויף ראטעווען די קראנקע! מיר דארפן באיקאטירן דעם פלאן, ווי אלץ וואס קומט פון באלוטער־פלאץ און פארשטיין, אז אין אנבליק פון דער פאליטישער לאגע ווילן זיי...

א בלאסער האט זיך דער פארזיצער אויפגעכאפּט פון זיין ארט און אנגעהויבן שרייען:

— דא איז נישט קיין מיטינג! זייט פאראנטווארטלעך פאר אייערע רייד, מיר קענען זיך נישט, און פארגעסט נישט אין וואס פאר א צייט מיר לעבן! דא איז נישט קיין ארט פאר אזעלכע פּראָוואָקאַטאָרישע רייד...

— פארלאזט די פארזאמלונג! — האט איבערגעשלאגן אים דער דעלעגאט פון דריטן זאל און אליין צו צו דער טיר. אויף דער שוועל האט ער נאך אמאל איבערגעחזרט:

— זאלן די קיִראָווניקעס זיך אפּזאגן פון זייערע טאלאנען, נישט ראַ־טעווען די קראנקע אויף אונדזער חשבון...

דערשטוינט האבן אים נאכגעקוקט די דעלעגאַטן, נאר דאס פּנים פון פארזיצער האט זיי אלע צוגעשמידט צום אָרט.

אויפסניי האט דער פארזיצער גענומען איבערצייגן אלע:

— פון אלע שטאנדפּונקטן דארפן מיר אדורכפירן די זעלבסטהילף. אין קיין רעסארט האבן זיך די ארבעטער נישט אפּגעזאגט פון דער מינימאלער הילף. ווער פון אייך וויל א ווארט צו דער דיסקוסיע, האט ער שוין א מידער זיך אוועקגעזעצט און גענומען באטראכטן יעדן דעלעגאט באזונדער.

— איך בעט א ווארט — האט נישט דרייסט זיך אנגערופן ליובאַ און מיט א ציטערדיקער שטים שטארק איבערגענומען מיט דעם וואס דער דעלעגאט פון דריטן זאל האט פארלאזט די פארזאמלונג, האט זי געזאגט:

— איך ווייס נישט צי מיר קאָנען היינט טראַכטן לויט וועלכן נישט איז שטאַנדפּונקט, נאָר לויט מיין מיינונג דאַרפן מיר אַדורכפירן די אַקציע פון זעלבסטהילף. זיכער איז עס נישט קיין גרויסע הילף, נאָר אויב דערמיט קאָנען מיר לייכטער מאַכן אַ קליינער צאָל קראַנקע, דאַרפן מיר עס טאָן.

די פרויען האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ:

— פאַר יעדן אַ דעקאָ צוקער און מעל מאַכט גאַרנישט אויס אַ סך און דאָך וועט זיך יעדע וואָך צוזאַמענעמען אַ פּאָר קילאָ.

— זאָל באַשטימט ווערן, צי די הילף וועט אַדורכגעפירט ווערן לויט די זאַלן, צי לויט אַ ליסטע, — האָט פאָרגעלייגט איינער פון די דעלעגאַטן און זיך אויפגעשטעלט, ווי געוואָלט דערמיט זאָגן, אַז עס איז שוין צייט צו פאַרענדיקן די פאַרזאַמלונג.

— מיר דאַרפן נישט קיין ליסטעס, האָט איבערגעריסן אַ דעלעגאַט, אַן עלטערער ייִד, מיט אַ קורץ געשוירן בערדל. אויב איך נעם אַראָפּ אַ דעקאָ מעל און אַ דעקאָ צוקער פון מיין ראַציע, וויל איך עס געבן מיינעם אַ חבר פון זאַל, מיט וועלכן איך אַרבעט צוזאַמען, נישט איך זאָל אַפילו נישט וויסן, וועמען עס איז צוגעפאַלן.

— אויב אַזוי, דאַרפן מיר נישט די דעלעגאַטן פאַרזאַמלונג, זאָל זיך יעדער זאַל אַדורכפירן אַלץ צווישן זיך — האָבן זיך אויפגעקאַכט די פאַרזאַמלטע.

— פון אַלע שטאַנדפּונקטן איז נישט אויסגעהאַלטן דער סעפּאַראַטיזם פון די זאַלן, האָט זיך ביי זיינעם געהאַלטן דער פאָרזיצער, עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ קאָלעקטיווע ליסטע... זאָל איצט אָפּגעשטימט ווערן, צי מיר נעמען אָן אין פּרינציפּ די זעלבסטהילף, און אַזוי ווי עס איז שוין שפּעט, באַשטימען אַ צווייטע פאַרזאַמלונג, וועלכע דאַרף שאַפן אַ מאָדוס...

גיך האָבן זיך אויפגעהויבן הענט.

מיט דער מערהייט איז בשלאַסן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין דער זעלבסטהילף. זונטיק, דעם פרייעם טאָג איז באַשטימט געוואָרן די צווייטע פאַרזאַמלונג.

3

אַן אויפגערעגטער האָט דער קאָמיסאַר פון שאָפּ אַרומגעשפּאַנט איבער זיין קאַבינעט.

— דווקא מיר איז אַזאַ שטיקל ארבעט צוגעפאלן, האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט און ווידער אנגעצונדן די אויסגעלאשענע ציגארעט. ער האט זיך אוועקגעזעצט ביי זיין שרייב־טיש און פארטראכט וועגן דעם מאָדנעם, פארעקשנטן מענטש, דעם דיכטער ווייס, וואס קומט צו דער ארבעט מיט היינען אדער בייראָנען אין דער טאַש, און ווי ער וואלט נישט געפרעגט ביי קיינעם, זעצט ער זיך אוועק לייענען אין גרעסטן ברען פון דער ארבעט. פון צוויי רע־סאָרטן האט מען אים שוין אוועקגעשיקט, האט ער געמוזט צו מיר ארייַנפאלן — האט ער א בייזער געטראכט. איז עס א טישלער־רעסארט, זאל דער ארבעטס־איינזאַץ שיקן פאכלייט, סטאָלאַרעס, נישט דיכטער און מוזיקער! אומגעלומ־פערטע מענטשן מיט פארדרייטע קעפּ!

און דאך איז אים נישט אנגענעם, וואס ער מוז מיטן דיכטער אדורכפירן דאס ענדגילטיקע געשפרעך. בייסט ער די ליפן, קאָן אויף זיין פאטעל נישט געפינען זיך קיין ארט.

עמיצער האט אנגעקלאפט אין דער טיר.

— דאס איז ער, האט דער קאמיסאַר א טראכט געטאן און הויך אויס־גערופן: ביטע...

דער דיכטער ווייס, א נידעריקער, כמעט גרויער מאן, אין אַן אויס־געריבענעם מאנטל מיט א צעקנייטשטן הוט אין דער האנט און אין גרויסע, צעפּארענע שיך אויף די פיס, איז א ווײַלע שטיין געבליבן אויף דער שוועל, ווי ער וואלט באטראכט דעם קאַבינעט.

— ביטע, הער ווייס, האט נאכאמאל איבערגעחזרט דער קאמיסאר פריינט־לעך און אויפגעשטעלט זיך פון ארט.

פאמעלעך איז דער דיכטער צו צום שרייב־טיש, שווייגנדיק זיך אוועק־געזעצט. נאך א רגע, קוקנדיק גלייך אין פולן, פיין ראזירטן פנים פונעם קאמיסאר, האט ער א זאג געטאן:

— איר האט מיך גערופן...

— יאָ, הער ווייס, איך האב געוואלט מיט אייך שפרעכן, האט דער קאמיסאר אנגעהויבן אויף דייטש און איבערגאנגען אויף פויליש.

— איך דאַרף נישט דערציילן, וואָס פאַר אַ באַציאונג איך האָב צו אייך. כ׳בין אַליין אַ מענטש פון דער באַהעמע, מיין שוואַכקייט איז מאַלערייַ. כאָטש מיט דער יידישער ליטעראַטור האָב איך ווייניק געמיינזאַמעס, איז מיר אייער נאָמען נישט פרעמד. איך האָב נישט איין מאָל געהערט וועגן אייך רעדן... נאָר טראַץ דעם מוז איך אויספירן מיין פליכט. איר פאַרשטייט מיך? די לאַגע איז נישט אַנגענעם... נאָר איר פאַרשטייט, האָט ער זיך געפּלאָנטערט אין די רייד, דאָ איז אַ טישלער־שאַפּ, מיר זענען פאַר דער פּראָדוקציע פאַראַנטוואָרט־לעך מיט די קעפּ... עס קאָן נישט טאָלערירט זיין אַ מענטש... וואָס, וואָס פירט אַריין דעמאָראַליזאַציע...

— וואָס הייסט, האָט מיט אַ פונק אין די אויגן אָבער קאַלט איבער געריסן דער דיכטער ווייס און זיינע פולע אַנגעלאָפענע הענט האָבן אַ ציטער געטאָן.

— וויפל מאָל האָבן מיר אייך פאַרגעלייגט אַ לייכטע אַרבעט אין ביוראָ, האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרטיידיקן דער קאָמיסאַר. איר דאַרפט מיך פאַרשטיין... איר רעכנט זיך איבערהויפּט נישט מיט אונדז... איר ווילט איבערהויפּט גאָרנישט טאָן... דאָס קאָן ווייטער נישט דויערן, האָט ער אַרויסגעוואָרפן פון זיך און פאַר גרויס אויפרעגונג האָט אַ כוואַליע בלוט פאַרגאָסן זיין קאַרק. אפשר וועט איר פאַרלייגן וואָס פאַר אַן אַרבעט איר וואָלט געוואָלט אויספירן. ס׳איז אַ גרויסער רעסאָרט און ווי עס זאָל נישט זיין, קאָנט איר דאָך זיך עפּעס צופּאַסן...

— איך, איך קאָן גאָרנישט טאָן! דאָס איז מיר אָרגאַניש אוממעגלעך — האָט דער דיכטער אַנטשלאָסן געענטפערט און געוואַרט אויף דעם, וואָס וועט נאָכקומען.

אויף אַזאַ תשובה האָט זיך דער קאָמיסאַר נישט געריכט. אַ פאַרוווּנדעטער האָט ער מיט נייגער גענומען באַטראַכטן דעם דיכטער. אַרומקוקנדיק זיך פאַרזיכטיק אין אַלע זייטן שטיל געזאָגט:

— אויך איך וואָלט גערן עפּעס אַנדערש געטאָן... מיינט איר, אַז איך וויל פאַר „זיי״ אַרבעטן? אפשר וועט מען אונדז אַלע שפּעטער שיסן דערפאַר! ווער קאָן דאָס וויסן? אָבער ווי פאַרשטייט איר די זאַך? הייסט, אַז לויט אייך, דאַרפן מ׳ר בכלל פאַר זיי נישט אַרבעטן? די געטאָ זאָל אויפגעלייזט ווערן, פאַרשיקט?

— נישט ארבעטן, ווי נישט באדארפט אפגעבן די קינדער, נישט שווייגן...

דער קאָמיסאַר איז אויפגעשפּרונגען פון ארט. ווער. מיר? דאס הייפּעלע. וואס איז נאך געבליבן? מיט איין מאשין קאָן מען אונדז אלע אויספּארטיקן... און פלוצים איז ער ארויס מיט א וואנזיניק געלעכטער: מעכטיקע ארמייען גיבן זיך אונטער, לענדער — און מיר דארפן נישט שווייגן! האַ, האַ, האַאַ! איך ווייסט ווער עס קאָן אזוי טראכטן? די, וואס האבן נישט וואס צו פארלירן! מיר האבן נאך פרויען און קינדער, עמיצער וועט דאך בלייבן לעבן און פון דער צווייטער זייט גערעדט, ווער קאָן אונדז משפּטן? ווער וועט האבן רעכט?

דער דיכטער ווייס איז געזעסן אויף זיין שטול רואיק, געקוקט אין א זייט, ווי געוואלט אים געבן צו פארשטיין, אז ער האט נישט בדעה מיט אים צו פירן דעם וויכוח.

— איך זע, אז מיר וועלן צו קיין פארשטענדיקונג נישט קומען — האט אנגעהויבן דער קאמיסאר שוין אפיציעל, גאר מיט אַן אַנדערן טאָן.

דער דיכטער האט א שאָקל געטאן מיטן קאפּ צושטימענדיק.

— אויב אזוי באדויער איך זייער, — האט דער קאמיסאר קאלט געזאגט, נאך איך וועל מוזן אייך איינארדענען אין א צווייטן רעסארט. דארט וועט איר קאָנען זיין אינגאנצן פריי. איך מיין אין געטאָ־ארכיוו...

דער דיכטער ווייס האט נישט באלד געענטפערט. שווייגנדיק האט ער זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט, זיין פּנים איז געווען פול מיט טרויער, א באליידיקטער האט ער קוים ארויסגעזאגט:

— מיר איז אלץ איינס וואו איר וועט מיך שיקן. און מיט א שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאפּ איז ער ארויס פון קאבינעט.

4

אין ווינקעלע פון מאַגאַזין, נעבן דער שלייפערײַ, זיצן צוויי „טראַנספּארט־מיידלעך" און לייגן אָן א פולע טראגע געשליפענע לייסטלעך. זיי דארפן די טראגע ארויפטראגן אויפן דריטן שטאָק, אין זאל וואו עס ווערן אויסגעארבעט די קליינע קינדער־בענקלעך.ביידע האבן נאר קוים וואס איבערגעביסן. תּמיד הייבן זיי אָן אָניאָגן די ארבעט ערשט נאך מיטאג, ווען זיי טרינקען זיך אָן מיט דער געדיכטער, הייסער קלייען־זופּ.

לייקעס פּנים איז רויט. אפּגעפּרוירן ווי א צוויק. אין אירע אויגן אבער טאַנצן ארום צוויי קוועקזילבערלעך, וואס מאַכן זי מונטערער און לעבעדיקער פון אלע. נאָכן פאַרשיקן איר גאַנצע משפחה האט זי דאס שטעטל פאַרלאָזן. די פּוסטקייט האט זי פון דער היים פאַרטריבן. מיט א טעפּל אנגעהאַנגען אין א זייט, האט זי געוואַנדערט פון געטאָ אין געטאָ... א צייט זיך אויסבאַהאַלטן ביי א פּויער און נאָך דער מסירה אין דאָרף ווייטער זיך געלאָזט אין וועג. אין לאָדזשער געטאָ ביינאַכט זיך אריינגעשמוגלט דורך די דראָטן און דאָ שוין באַשלאָסן צו וואַרטן אויף „זייער סוף״. זיצנדיק אויף א קלעצל, טענהט זי איין מיט איר מיטאַרבעטערין זעלדען פון ווידאַווע.

— קאָנסט זאָגן וואס דו ווילסט, נאַר איך האַלט פון רומקאָווסקין! ער איז א מענטש! וואו האסטו נאָך אַזעלכע רעסאָרטן מיט קאָאָפּעראַטיוון און א פּאָליצײ? אַזאַ אָרדענונג? דו זאָגסט, אַז מען דאַרף נישט קיין פּאָליצײ? אָן א פּאָלקע וואָלטן די מענטשן זיך אליין אויפגעגעסן; דו זעסט דאָך, וואס עס טוט זיך אין א ריי, ווען עס פעלט א פּאָליציאַנט. און ווען דער דייטש וואָלט געקומען מאַכן אָרדענונג, וואָלט דאָך יעדן טאָג זיך געגאָסן בלוט! איך האָב שוין נישט איין געטאָ געזען, אָבער דאָ, זאָג איך דיר, איז אָן אָרדענונג. יעדער מוז אַרבעטן און יעדער באַקומט זיין ראַציע! וועסט זאָגן, אַז אַלץ איז פּראָטעקציע? אויף דעם איז נישטאָ קיין עצה. דאָס איז אויף דער גאַנצער וועלט!

— לאָז מיך צורו מיטן אַלטן משומד! ער וועט אונדז אַלעמען באַגראָבן! ראַציעס גיט ער, אָן אומגליק אויף אים! איז ער אַזוי אויסגעקאָכט מיטן דייטש, וואס זאָגט ער זיי נישט, אַז מיר קאָנען שוין מער נישט אויסהאַלטן אָן ברויט און אָן קאַרטאָפל? — רייסט איר איבער זעלדע. באַלד וועלן אַלע גיין שלאָפן און ביי אים איז א גדולה, א יידישער מלך געוואָרן! גייט אַרום איבער דער געטאָ מיט א בלום אין לאַץ! כ׳האָב אַליין געזען, א ווייסע רויז...

זי לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און לייגט ווייטער שווייגנדיק די לייסטלעך.

געקומען איז זי אין געטאָ מיט איר פולער משפחה, טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטערלעך. און איידער דער צווייטער שניי איז געפאַלן, איז זי מיט לייזערן אַליין אין שטוב געבליבן. איינציקווייז האט זי זיי אַלע אוועקגעפירט אויפן פעלד פאַרזייטן געטאָ־בית־עולם. געלאָזט אויף די צעוואָרפענע קרומע וועגן און שטעגן, קליינע בערגעלעך, איינער נעבן צווייטן אַנגעשאָטן. ווי לאַנג עס איז נאָך וואַרעם געווען איז זי יעדע וואָך צו זיי אַרויסגעגאַנגען. ביז זי האט

אויסגעזוכט די קברים לויט די סמנים, וואס זי האט געמאכט, איז צוגעפאלן די נאכט. יעדעס מאל איז נישט געווען צו דערקענען דאס בית עולם, וואס שווערער צו געפינען די אייגענע. דאס לעצטע מאל האט זי לאנג געזוכט די מאמען צווישן די פארטרעטענע בערגלעך, און א מידע צוגעפאלן צו א הייפעלע ערד, כמעט אויסגעגלייכט מיטן וועג, און אויסגעוויינט אלץ, וואס עס האט זיך איר אין הארץ צוזאמענגענומען. דערציילט, ווי ליידיק די שטוב איז געווארן, אז לייזער איז שוין אויך א „קלאפסידרע” געווארן... לאנג אריינגעוויינט אין דער ערד און ווען זי האט זיך אויפגעשטעלט אָן אויסגעלייטערטע, ווי זי וואלט דערהערט א טרייסט־ווארט פון דער מאמען, האט זי דערזען א קליין טעוועלע מיט א פרעמדן נומער וואלגערן זיך דערנעבן.

מיט אַן אראפגעלאזטן קאפּ, פלאנטערנדיק זיך צווישן שטיינער און ציגל אויפן וועג אנגעשאטענע, איז זי צוריקגעגאַנגען פון בית־עולם. א דערשלאגענע גערעדט צו זיך:

— ...אַלץ איינס, די גאנצע געטא איז איין קבר...

ווען כאטש לייזער וואלט דער זעלבער געווען! האט זי געטראכט אין זיך. ער איז אין שטוב געווען א שטיק לעבן! נאר צוליב אים האבן זיך שטענדיק די שכנים צוזאמענגענומען, ביז שפעט אין דער נאכט אריין געשמועסט, ארומ־גערעדט, וואס עס טוט זיך אין דער וועלט. איצט זענען זיי אלע פארשוואונדן! מען זעט מער נישט קיינעם אריינקוקן אפילו, און ער לייזער איז גאר אַן אנדערער געווארן. אונטערן בעט ליגט א קאסטן ביכער, וואס ער האט אין א זאַק אין געטאָ אריינגעבראכט, נאָר ער קוקט מער נישט אריין אין זיי. גאנצע טעג ליגט ער און טראכט אריין אין הונגער. א גאנצער פילאָזאָף איז ער געווארן!

— ווייסט, זעלדע — זאגט ער אפט — עס זענען פאראנען פארשידענע סארטן הונגער. עס איז דא אזא הונגער, אז דו קאָנסט ארבעטן, לייענען, שמועסן פון פארשידענע זאכן. אלץ טאָן, אפילו פארגעסן פון אים. און עס איז דא אזא הונגער, וואס די הענט ווערן ווי ליים און דער קאפּ א לערער, א קאלטער. דו ארבעטסט און עס קומט גארנישט ארויס דערפון, קאָנסט אבער נאך ארומגיין אויף די פיס, רעדן מיט א מענטש, אריינקוקן אין א בוך. און עס איז דא אזא הונגער, אז עס וויל זיך שוין גארנישט. עס גלוסט אפילו נישט אווארט ארויסצורעדן.

— לייזער, לייזער, — גיט זיך זעלדע א בייזער אָן אויף אים — וואס טראכסטו רק אריין אין הונגער, נעם בעסער א קילאָריב, צעקיי פּאמעלעך...

ביז שפּעט אין דער נאכט קעכלט זי אים, טראכט אויס וואס אמאל אנדערע מאכלים. שוין דאס לעצטע בענקל פארברענט. איצט קאכט זי אויף אלטע שיך און צעריסענע קאַלאָשן, צושמעלצנדיק זיי מיט א ביסל טראַטשינעס. דאָס שטיבל ווערט שווארץ פון רויך. עס איז אבער א שאָד אויפצומאכן דאָס פענצטערל, ארויסלאזן ס׳ביסל ווארעמקייט. שטיקן זיי זיך שעהן לאנג אין געדיכטן, ברענענדיקן רויך, ביז ס׳געקעכטס קומט ארויס.

זי בעט זיך ביי אים:

— לייזער לאָז נעמען די ביכער... דו זעסט דאָך סאַראַ וועלט ס׳איז געווארן, ווער דארף זיי?

לאזט ער נישט. א שאָד אים די ביכער!

און אזוי איז עס יעדן טאג, זעלדע גלויבט שוין נישט עס זאל אמאל אנדערש ווערן.

און זי, לייקע, נאר זי פארטיידיקט אלץ! די בעסטע געטא איז עס ביי איר! אזוי טראכטנדיק האט זי אנגעפילט די טראגע. שווייגנדיק האט זיך לייקע אויפגעשטעלט און אנגענומען די טראגע. זי ווייסט שוין, אויב זעלדע שווייגט, האט זי שוין ווידער באפאלן איר מרה־שחורה, און זי לאזט זי צורו.

אין זאל פון די קינדער־בענקעלעך איז די ארבעט געוועז אין סאמע ברען. מיט צעגליטע אויגן, צעשויבערטע האר, זענען לענגאויס די טישן געשטאנען די קלאפּערינס מיט העמערלעך אין די הענט און צוגעקלאפּט פון די שמאלע לייסטלעך די בענקעלעך.

גייט ארום איבערן זאַל דער דער גראָבער שמואל און טרייבט אונטער די ווייבער:

— קלאַפּט, קלאפּט! שלאפט נישט ביי די טישן...

נעמען די קלאפּערינס נאך העכער קלאפּן מיט די העמערלעך, פּילן אָן דעם זאַל מיט א גיהנומדיקן ליאַרעם. ווי באַטויבטע זענען זייביידע צוריק־געגאַנגען, אויף אַ רגע אריין אין דער „קליינער הייצעריי״ אפּרוען זיך א ביסל ביי די הייס צעגליטע אויוונס.

אין א זייט האבן זיך געווארעמט עטלעכע ארבעטער, וואס האבן זיך ארויסגעגנבעט פון דער ארבעט אויסצורייכערן א ציגארעט, און געשוויגן.

מיט די הענט אין די טאַשן, ווילעריש פאררוקט דאס היטל אָן א זייט, האט געדרשנט א פעסטער, ברייטבייניקער יונג צו די צוזאמענגענומענע אר־בעטער:

— ווען די „רויטע" וואלטן געקראכן אויף אלע פיר, וואלטן זיי אויך שוין באדארפן פון לאנג דא צו זיין... די אמעריקאנער מיט די ענגלענדער וועלן אויך פון הימל נישט אראָפפאַלן. שוין ווילן זיי פארלאזן זייערע פיינע היימען און אראָפלאזן זיך אין געטא צו די פארשטונקענע יידעלעך! נאַראָנים וואס איר זייט, קיינער האט אייך נישט אין זינען...

— איז וואס? איז וואס פארא זין צו מאטערן זיך ווייטער? — האט גענומען שטאמלען דער נאכט־וועכטער, וואס איז געקומען אפנעמען די זופ. — הייסט עס, אז מיר אלע וועלן אומקומען? — און א ווייטיק האט אים ארומגענומען פון מוח ביז צום הארץ, מיט א קעלט צעגאנגען איבערן לייב.

— פונדעסטוועגן — רופט זיך אָן ציטערנדיק דער הייצער, — די וועלט שלאפט נישט. די „רויטע" גייען פארויס. וואו זענען די אנדערע ארמייען ווייסן מיר טאקע נישט. נאר זיי וועלן אים אדורכברעכן... אמעריקע האט א וואזשנע טעכניק!...

— יא, טעכניק פעלט איר נישט — רייסט אים איבער דער טאָקאַר — נאָר שלאָגן ווילן זיי זיך נישט. דערווייל פארנעמט דער דייטש די וועלט און ווער ס'איז אריין, דער איז אין דרינען! ווער זאגט דאס, אז ער וועט אומברענגען אלע יידן? נאך דער מלחמה, וועלן זיי אונדז צורו לאזן, מירן ווייטער מיט זיי מאכן געשעפטן. וואס, עס האט זיך שלעכט מיט זיי געהאנדלט?

מיט בלאַסע פנימער, אויסגעלאשענע אויגן, ווי א תהום וואלט זיך פאר זיי אלע געעפנט, זענען די ארבעטער געשטאנען ביי די אויוונס. איז נישטא אויף וואס צו האפן? — האבן געציטערט זייערע ליפן: אָן אונטערגאנג!

— קום, קום, נישטא וואס צו הערן! — האט לייקע גענומען ציען זעלדען פארן ארבל, זעענדיק ווי אשיק גראָ איר פנים איז געווארן, און שוין אויף דער שוועל אויסגעשריען:

— א מנוול גאָר! די דייטשן וועלן געווינען די מלחמה! ביי אונדז אויפן הויף וווינט אויך אזא ייד, וואס רק ער דערציילט ווי שטאַרק ס׳איז דער דייטש, אז קיינער וועט אים נישט בייקומען! די מענער האבן נישט איינמאל געוואלט אים אָנברעכן די ביינער, האבן זיי עס אפגעלייגט אויף שפּעטער. ער וועט הענגען ווי אַ לאָמפּ! — קאכט זיך לייקע אריינגייענדיק מיט דער פּוסטער טראָגע אין דער שלייפעריי. שוין פון דער טיר האבן זיי דערהערט א רעש זיך טראָגן פון די מאשינען. א הויכע מויד אין לאַנגע הויזן האט אויפן קול געשריען צו אלע:

— איר האט געהערט? זיי האבן אונדז צוגענומען די „צוזאצן". נאָר איין זופּ וועלן זיי אונדז געבן היינט... איין זופּ!

5

די ארבעטארינס האבן זיך אויפגעשטעלט פון די מאשינען, אלע צוזאמען געשריען, געקאכט זיך:

— מיר האבן שוין דא די לונגען אויסגעשפּיגן און אלץ איז נאָך וויניק פאר זיי... ס׳ביסל „דליאַפּוס" זשאַלעווען זיי! מיט איין זופּ אפּארבעטן א טאָג!

— וואס פאר א הפקר־וועלט איז דא? ווו איז די דעלעגאטקע?

די יאַקובאָוויטשן, וואס איז נאָך אלץ ביי איר מאַשין געזעסן, האט זיך אויפגעשטעלט, איז צו צו די פרויען און זיכער, אנטשלאָסן געזאגט:

– עס וועט נישט העלפן דאס טומלען, מיר נעמען נישט היינט קיין זופּ. איינמאל פאר אלעמאל מאכן א שטרייק! דארפן זיי אונדזערע זופּן פאר זייערע פּראָטעקציעס, זאלן זיי צונעמען אלץ!

— אזוי איז עס! מיר נעמען היינט נישט קיין זופּ! — האבן אונטער־געכאפּט די צערודערטע ארבעטאָרינס. זאל דאס גאנצע געטא וויסן וואס דא טוט זיך!

— שוין צייט א שוועבעלע אריינצוווארפן אין די טראַטשינעס — האט געטראכט די יאַקובאָוויטשן זעצנדיק זיך צו דער ארבעט ביי איר מאשין. זאל אלץ פארכאפּט, פארשרפעט ווערן! א סוף זאל עס נעמען!

דער פון לאנג אנגעזאמלטער כעס האט זיך צוזאמענגענומען און אויפ־גערודערט די ארבעטאָרינס. — מיר דארפן היינט נישט מאכן קיין פראדוקציע, — האט איינע געדופן צו דער צווייטער — גענוג געארבעט, גענוג כוחות אוועקגעלייגט!

ווען לעאָן דער „סאַלאָווי" איז געקומען מיט די ארבעטס־קארטן צעטיילן די מיטאג־צעטלען, האבן זיי אלע אוועקגעדרייט די קעפּ, ווי זיי וואלטן אים נישט געזען.

— וואס האט איר א שטרייק געמאכט היינט? ווער איז שולדיק, אז עס איז היינט אנגעקומען ווייניקער טאַלאָנען? מאָרגן וועט איר ווידער האבן צו צוויי זופּן — האט ער זיי געפּרווט בארואיקן. א צעמישטער איז ער געשטאנען מיט די מיטאג־צעטלען אין דער האנט און זעענדיק, אז קיינער פון זיי טראכט אפילו נישט צו נעמען די זופּ, גענומען שרייען: — וואס האט איר צו מיר? איך האב ביי אייך גארנישט צוגענומען... ווילט איר מאכן א שטרייק, טוט ווי ס׳געפעלט אייך! איך טראג צוריק דעם לייטער אייערע ארבעטס־קארטן! — און ארויס אַן אויפגערעגטער פון דער שלייפעריי.

פון דער טיר האט ער אלע געווארנט:

— איר וועט דערפאר טייער באצאלן!...

עס האט נישט לאנג געדויערט און אין זאַל איז אריין דער לייטער. א פעסט־געבויטער מאַן, א בעל־גוף, אין די הויכע שטיוול און אויסגעפּאסטע הויזן גאַליפע, האט ער זיך אויסגעוויזן נעבן די הונגעריקע מידע פרויען, ווי א ריז. מיט איין בליק אנגעווארפן אויפן זאל א מורא. אין זיינע אויגן האט געברענט א העליש פייער. שטייענדיק אין מיטן זאל האט ער שווער סאפּענדיק פאר אויפרעגונג געזידלט די ווייבער:

— איין זופּ איז אייך ווייניק? דערפאר וועט איר היינט גארנישט באקומען! איך האב אייערע ארבעטס־קארטן, אלע אייערע נעמען! אט זעט איר? — האט ער אויסגערופן און אויפגעהויבן אין דער הויך א פּעקל ארבעטס־קארטן. מיט וועמען ווילט איר שטרייקן. מיט מיר? וואס? — האט ער גע־דונערט איבערן טויט־שטילן זאַל. איך קאָן אייך מיטטיילן, אַז איצט זענען פאר אייך אנגעקומען די „צוזאצן"... נאר א מכה וועל איך אייך געבן! פון האלץ קאָנט איר שוין אויך פארגעסן... פארשטאנען? — האט ער א פרעג געטאָן,

איינקוקנדיק זיך אין פּנים פון יעדער ארבעטערין באַזונדער. לאַכנדיק גראָב איז ער ארויס פון דער שלייפערײַ.

— א שטרייק האָבן זיי געמאַכט!! כאַ, כאַ, כאַ! מיט מיר ווילן זיי שטרייקן...

— וואָס וועט איצטער זײַן? ער האָט צוגענומען די לעגיטימאַציעס. קאָן מען שוין מאָרגן נישט קומען צו דער ארבעט? — האָבן דערשראָקן געפרעגט עטלעכע ארבעטערינס. — איז וואָס? זאָל ער זיי זיך האַלטן! וואָס מיינט איר, אַז ער האָט שוין געוואונען די מלחמה? האָט בייז אריינגעשריגן א צווייטע. זאָל ער מאַכן וואָס ער וויל! אַלץ איינס! קיינער האָט אָבער זיך נישט צוגעהערט צו אירע רייד. מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ זענען די פּרויען געזעסן לעבן די מאַשינען, בעת פון אַנדערע זאַלן האָבן זיך די ארבעטער א שיט געטאָן מיט די טעפּלעך צום פענצטערל, ווו עס ווערן אויסגעטיילט די זופּן.

— ...הייסט, אַז איין זופּ וועלן מיר שוין אויך נישט באַקומען, אָט האָבן מיר אויסגעשטרייקט — האָט זיך ווער אָנגערופן אין א זייט, ווי מיטאַמאָל פון א חלום דערוועקט.

— ווער האָט דען באַדאַרפן דעם שטרייק? — האָט זיך אָנגערופן אַן עלטערע פרוי מיט אײַנגעלאָפענע טאָרבעלעך אונטער די אויגן. אָט, אָפּגעאַרבעט א טאָג אויף ניכטערן שפּייעכץ, אַלץ איבער דער גרויסער מויד אין די לאַנגע הויזן! ווער האָט געשיקט נאָך איר?

— וואָס זאָלן מיר טאָן? א טרויעריקע צײַט, — האָבן אַנדערע צוגעשטימט, מיט גוטן קאָן מען גיכער עפּעס אויסבעטן... איצט וועט דאָס ביסל ברענעכץ אויך שוין נישט זײַן...

ליִיקע און ראָזע האָבן זיך דאָס מאָל אויסגעאייניקט:

— געזאָגט נישט נעמען איין זופּ — איז נישט גענומען זאָל ווערן! זיי מיינען אַז מיט אונדז קאָנען זיי אַלץ מאַכן. וואָלטן זיי די סטאָליאַרעס צוגענומען א זופּ, וואָלט דער גאַנצער שאָפּ צענומען געוואָרן! די קינדער פון זאַטלער רעסאָרט האָבן געקענט אויספירן א שטרייק, נאָר מיר קאָנען נישט...

— קינדער, קינדער — האָט אומעטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ די יאַקובאָוויטשן, מיט הונגעריקע מענטשן קאָן מען גאָרנישט אויפטאָן! אָט האָבן זיי זיך צע־בונטעוועט, און שוין זשאַלעווען זיי. נישטאָ וואָס צו מאַכן...

די צווייטע שיכט איז געקומען צו דער ארבעט און פארווונדערט האבן זיי דערזען אלע ארבעטאָרינס אין דער שלייפעריי.

זיי האבן געווארט אויף די ארבעטס־קארטן, כדי נישט פארלירן אַן ארבעטס־טאג. דער „סאַלאָווי״ איז ארומגעגאַנגען פון איינער צו דער צווייטער און איינגעטענהט:

— נו, צו וואס האט איר דאס באדארפט? איר ווייסט דאך, אז ער איז נישט דער ערגסטער, מען דארף אים נאר נישט ארויספירן פון די כלים... איך זאג אייך, א שאָד אייערווארטן, גייט צו אים און בעט די קארטן...

די ארבעטאָרינס פון דער צווייטער שיכט האבן זיך אוועקגעזעצט ביי די מאשינען, שווייגנדיק, פון דער ווייטנס באַטראַכט די גרויע פנימער פון די מידע, דערשלאגענע שלייפערינס, וואס זיצנדיק אויף די קלעצלעך זענען זיי איינגעדרימלט. פארנאכט איז אריינגעקומען דער לייטער, צעטיילט די ארבעטס־קאַרטן. אין יעדער קאַרטע איז געלעגן א מיטאָג־צעטל.

מיט פרייד האט יעדע געכאפט די קאַרטע, געלאפן אין דער קיך, וואס גיכער אפנעמען די זופ, איידער זיי וועלן צעטיילט ווערן.

# פינף מינוט נאך זיבן

רייזל האט אומרואיק נאך אמאל זיך ארומגעקוקט און שטיל גענומען דאס טעפל אין דער האנט, ווי זי וואלט מורא געהאט אויפצוועקן די קראנקע מאמע. אויף די שפיץ פינגער איז זי צו צו דער טיר. זיך נאכאמאל ארומגעקוקט אויפן בעט, ווי דאס הארץ וואלט איר נישט געלאזט אוועקגיין.

מן הסתם שוין פארשפעטיקט! — האט זי מיט כעס א טראכט געטאן. פאר אירע אויגן איז אויסגעוואקסן דער אויפזעער פון דער קיך — א נידעריקער, בייכיקער מאן מיט א גרויסן גאָלדענעם זייגער אויף דער האנט. זי האט כמעט געהערט זיין שטים:

— מאדאם... שוין פינף מינוט נאך זיבן, איך מאך אייך א באמערקונג...

רייזל האט פיינט געהאט זיין שטיל, איידל רעדן. עס וואלט איר ליבער געווען, ווען ער וואלט אנגעשריגן אוי איר, זי אנגעזידלט, אבי נישט זען אים מיטן גאָלדענעם זייגער אין דער האנט, ביי דער טיר.

אין גאַס איז נאך נאכט געווען.

ווען רייזל איז פון דער ארבעט געגאנגען א מידע און אנגעהארעוועטע, איז שוין פינצטער געווען. און איצט, ווען זי גייט צוריק צו דער ארבעט, א פארשלאָפענע, א נישט אויסגערוטע, איז נאך אלץ פינצטער.

מיט א בלאסן גוססדיקן פלאם האבן דורכן פאלנדיקן שניי געלויכטן די לאמטערן, פון צייט צו צייט א פינקל געטאן און ווי איינגעגאנגען אין זיך.

ווי שאָטנס שארן זיך צווישן די מויערן ווייבער מיט טיכער איבער די קעפּ, מיט טעפּ אין די הענט. ווייבער מיט פנימער וואקסענע, פארטריקנטע, אויגן, אויסגעלאשענע, מאטע. מיט אראפּגעלאזטע קעפּ, וואקלנדיק רוקן זיך פאר־אויס די מענער, פארפרוירענע, איינגעקארטשעטע, ארומגעהילט אין דינע אויס־געריבענע זומער־מאנטלען.

נישט דרייסט האט רייזל אויפגעמאכט די טיר פון דער קיך. דער אויפזועער איז איצט נישט געווען. זי האט זיך ארייגעגליטשט שטיל ווי א קאץ, אויף גיך אראפגעווארפן פון זיך דעם מאנטל, באהאלטן די שווארצע געקרייזלטע האר אונטער דעם ווייסן קאפטיכל און מיט א ריב־אייזן אין דער האנט צוגעגאנגען צו דעם לאנגן טיש, וואס איז געווען באשאטן מיט געלע ריבן.

נעבן טיש זיינען געשטאנען די מיידלעך, מידע, פארשלאפענע, וואס זייט מאנאטאן רייבן די פארפרוירענע ריבן. שטיל, פאמעלעך, אן כוחות.

בלומע, די יונגע אלמנה, האט קוים באוויזן די האר פארקעמען. מיט א ביסל ראזא פודער זיינען געווען פארדעקט אירע געלע איינגעפאלענע באקן, די בלויע ליפן באשמירט מיט פאמאדע. אין היץ פון אויוון, אין איילעניש פון אר־בעט, האבן די פארבן זיך צעגאסן איבערן פנים, זיך אויסגעמישט מיט שווייס. פון צייט צו צייט נעמט זי ארויס דאס קליינע שפיגעלע, שטעלט זיך אוועק באט־ראכטן דאס פנים, נאך א ווילע לייגט זי עס צוריק און יעדן מאל גיט זי צו:

— פרויען, מע מוז זיך האלטן! די מלחמה וועט זיך ענדיקן, און די וועלט וועט ווייטער זיין וועלט!

בלומע טוט אלץ כדי צו בלייבן די „זעלביקע”. נאר פון אירע אויגן קוקט ארויס אזא טרויער און פארצווייפלונג, ווי א שד וואלט פון איר ארויסגעלאכט:

— עס וועט נישט העלפן... נישט העלפן...

נעבן איר שטייט שרה א פאראומעטיקטע, א פארזארגטע. אין דער שטוב איז פארמאכט דאס קינד געבליבן. ווער ווייסט, צי עס האט זיך נישט אויפ־געוועקט, וויינט... אירע אויגן ווערן פול מיט טרערן, זי לאזט אראפ די וויעס, קיינער זאל זי נישט זען וויינען. אמאל האבן אירע אויגן געפינקלט, געלויכטן, בליצן געווארפן, היינט זיינען זיי ווי אויסגעלאשענע קוילן. די טרערן האבן דעם גלאנץ אפגעוואשן, זיי קומען שוין אליין פון זיך, רינען אפט אין א לאנג שנירל איבערן פנים, ווען שרה דערמאנט נאר דעם מאן, וואס איז נישט לאנג פארשיקט געווארן, דאס קינד וואס איז אליין אין דער שטוב געבליבן. פון איר הארץ רייסט זיך ארויס א שווערער זיפץ.

— וואס איז ביי אייך, שרה, אזא זויער פנים? נאר איר קרעכצט, נאר איר זיפצט — האט דער לייטער, מיט א חוזק־ניגונדל פארצויגן.

— עס איז שווער, הער לייטער — האט זי זיך נישט דרייסט אנגערופן און צוגעגעבן טרויעריק: ווען ס'האַרץ איז פול — גייען די אויגן איבער...

— אוודאי איז שווער — האט מיט מיטגעפיל געענטפערט דער לייטער. — וואס מיינט איר, אז אזא געטא איז עפעס א קלייניקייט? נאר נישט געזאָרגט, שרה, נאך א וואך און נאך א טאג און די זאך איז פארביי. איר דארפט זיך נישט באקלאגן — האט ער ערנסט צוגעגעבן. נישט איין מאמע איז אייך מקנא, און ווייטער מיט שפאס געצויגן:

— אט פון רייזעלען האב איך א הנאה... א מויד א בריליאנט! כאטש איינע מיט א לאכעדיק פנים! ער האט זיך נענטער צו רייזלען צוגערוקט, ארויפ־געלייגט די האנט אויף איר פלייצע און זיך געוויצלט:

— רייזעלע, באלד וועלן קומען די אמעריקאנער מיט די אמתע דאלארן... הע, הע, הע, זאגט כאטש, צי איר וועט נאך אמאל מיך וועלן קענען... יא יא, צייטן געווארן, אויף דער עלטער א לייטער פון א קיך געווארן, האב צו טאן מיט קארטאפלעס, פארע זיך צווישן טעפ, א יידענע געווארן... — ער האט זיך צעלאַכט מיט פארגעניגן פון זיינע אייגענע רייד און געפרעגט אַנגעברוגזט:

— רייזל, וואס איז מיט אייך היינט געשען, איר זייט מיר אויך ערנסט געווארן? פע, איך האב פיינט ערנסטע מיידלעך...

— רייזל איז היינט אויפגעשטאַנען אויף דער לינקער זייט — האט זיך אנגערופן די באלעבאסטע פון דער קיך, די פרוי זעלדאוויטש. זי איז געווען א יונגע בארעדעוודיקע לעבנס־לוסטיקע פרוי. אין ווייסן שערצל מיט די געלאָקטע האָר און אין די שיכלעך אויף שמאלע, הויכע קנאפלען, האט זי זיך געגליטשט איבער דער קיך, ווי איבער א טאַנצזאל. יעדן געזאגט א ווערטל, יעדן דערציילט א מעשהלע. מעשיות האט זי געהאט אָן אַ שיער: פון די פענסיאָנאַטן, ווו זי האט פאר דער מלחמה פארבראכט, פון די אויפנאמעס אין די פארשיידענע קאמיטעטן, ווו זי האט געהערט, סתם רכילות פון שכנים, פון באַקאַנטע; און מעשות פון דער מלחמה, פון די דייטשן, פון יידן, וואס האבן זיך פון דער גאנצער וועלט אין איר קאָרידאָר אריינגעצויגן, פון די פראָנטן, נצחונות... איר שוואַכקייט איז געווען פאליטיק און שדכנען די ארבעטער. זעענדיק רייזלען אַ פאראומעטיקטע האט זי האלב מיט שפאס, האלב ערנסט אנגעהויבן:

— רייזל, איר ווייסט, די טעג דארף קומען א נייער בוכהאלטער, ווי איך בין א יידישע טאכטער. דאס הארץ זאגט מיר, אז איך וועל אייךביידע צו רומקאָווסקין פירן. היינט איז נישט ווי אמאל... יעדעס פּאָרל באקומט צו דער חתונה א קילא פלייש מיט פינף קילא קארטאפל!

— פינף קילא קארטאפל? — האט אומגלויביק אויסגערופן דער לייטער, עס איז שוין באלד כדאי... כ׳וואלט שוין אליין צו דער חופה געגאנגען.

רייזל האט פיינט געהאט זייער לייכט געמיט. עס האט זיי נאך נישט אנגערירט, האט זי מיט בייזקייט געטראכט. איך וואלט געזען, ווי עס וואלט זיך זיי געלאכט, ווען א מאמע וואלט ביי זיי אויסגעגאנגען טאג איין, טאג־אויס. זי האט אויטאָמאַטיש געריבן די קארטאפל און פאר אירע אויגן האבן זיך געמאלן וואס אמאל אנדערע בילדער. בילדער פון טאטנס טויט, פון די ברידער, וואס זיינען פריייוויליק אוועק אויף ארבעט קיין דייטשלאנד. מיט בייזקייט האט זי געטראכט: די גוטע ראציעס — דאס האט זיי ארייגעגנארט, פוטער האט זיך זיי פארוואלט, די נאַראָנים! אוי וועט דער דייטש זיי ווייזן פוטער — האט זי שיעור נישט אויסגעשריגן. מיט געמישטע געפילן האט רייזל געטראכט וועגן די ברידער.

— אליין דעם טייוול אין די הענט געגאנגען! האט זי ווייטער געטראכט. נאר איין מאל איז פון זיי א קארטל געקומען און ווייטער גארנישט! ווי א שטיין אין וואַסער... איבערגעלאזט מיך אליין, אלץ אויף מיינע פּלייצעס! האבן זיי נישט געזען, אז דער טאטע האט געציילטע טעג? וואלט כאטש בלימעלע געבליבן... ווי א לעבעדיקע וואקסט אויס פאר אירע אויגן דאס פארטריבענע שוועסטערל און א כוואליע טרערן גיט זיך ווידער א גאס איבער איר פנים. ווען זי וואלט נישט געוועזן אזא קליינע, וואלט זי נישט אוועק מיט אלע קינדער... צו ניין יאָר האט זי שוין אויפגעהערט וואקסן, א פיצעלע געבליבן, נעבעך. איר בליק האט זיך פארהאלטן אויף דעם בלעכערנעם, צעגלאנצטן קעסל, און ווי קיין מאל פריער איז איר מיטאמאל קלאר געווארן, אז דער קעסל איז לעבן, אז דער קעסל איז אלץ.



די קעכן לאה איז געשטאנען ביים קעסל מיט אן אַראָפּלאזטן קאפ און געמישט די גרויפּן. מטושטשע געדאנקען האבן זיך געוועבט אין איר מוח. זי האט היינטיקע נאכט שלעכטע חלומות געהאט... ווידער דעם פארשיקטן מאן

געזען... אויף די גאַסן אַ לויפעניש, אַ בהלה... יאָ, נאָך נעכטן האָבן די שכנים גערעדט צווישן זיך, אַז עס גרייט זיך אַ נייע אַקציע...

נעבן לאָהען האָט זיך אָוועקגעשטעלט דער לייטער, אַ ווײַלע אַרײַנגע־קוקט אין קעסל און ווי צו זיך געזאָגט:

— מיר דאַכט זיך לאָה, אַז איר זײַט פאַרליבט! איר זײַט מיר צופיל פאַרטראַכט, איך וואָלט געזאָגט פאַרחלומט...

די קעכן אַ פאַרביטערטע האָט זיך געוואָלט צעלאַכן, נאָר אירע ליפּן האָבן זיך צעקרימט אין אַ טרויעריקן גרימאַס. איך, פאַרליבט? וואָס רעדט דער הער לייטער, גאָט זאָל מיך אויסהיטן פאַר אויסטערלישעס, וועל איך שוין זײַן אַ גליקלעכע.

— וואָס עפּעס אויסטערלישעס? איר פאַרנעמט זיך אויך מיט פּאָליטיק — האָט זיך דער לייטער אויף זײַן שטייגער אָנגעהויבן וויצלען, אייער זאַך איז היטן דעם קעסל... ווייטער זענען שוין מענטשן מיט קעפּ, זאָלן זיי טראַכטן... זײַן פּנים איז ערנסט געוואָרן און שוין מיט אַן אַנדערער שטים אָנגעהויבן:

— עס איז מיר שוין נמאס פאַר דער גאַנצער קיך, מענטשן זאָלן נאָר טראַכטן פון גזרות, צרות, אַקציעס! צו לייזערן אין דער קיך איז אַ פאַרגעניגן אַרײַנצוגיין, אַלע זינגען, אַלע קאָמאַנדעווען, אַ הימלעכקייט, אַ לעבן, און דאָ אַ בית־עולם, אַ ריכטיקער בית־עולם — האָט ער אַן אויפגעבראַכטער פאַרענדיקט.

די קעכן האָט זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד און עס איז איר אויפן האַרץ אַביסל לײַכטער געוואָרן... דער לייטער האָט איר שטענדיק דערמאָנט דעם מאַן. ער איז אויך אַזאַ געווען, נישט צוגעלאָזט צו זיך קיין גרײַזאַטע — האָט לאָה געטראַכט.

פון דער ביורא זענען צו איר דערגאַנגען אײַנצעלנע, אָפּגעריסענע ווערטער:

— ווי מיינט איר, הער בורשטין, עס איז רעכט צו זוכן אַ קאַרטע...

— אַוודאי. אַז אָן אַ קאַרטע איז אַ מענטש ווי בלינד, ווייסט נישט וווּ ער שטייט אין דער וועלט... ס׳דאַרפן גיין גאָר גרויסע קאַמפן — האָט זיך אָנגערופן אַ צווייטע שטים.

דער קעסל האָט שוין אָנגעהויבן איבערצוזידן. לאָה האָט גיך אַרײַנ־געשיט די ריבן און געטראַכט מיט כעס:

— נאָר זיי קוקן אויף די קאַרטעס! זיי ווייסן נאָך נישט ווי זיי שטען אין דער וועלט! פון דער געטאָ איז שוין גאַרנישט געבליבן און זיי האָבן נאָר מיט פּאָליטיק צו טאָן! גאַנצע מיניסטאָרן, זעען זיי אַ דייטש, אַנטגייט זיי די מאַמעס מילך!

פון די קעסלען האָט די פּאַרע אַ זעץ געטאָן, און אַ ווייסן נעפּל צעשווימען איבער דער קיך.

— ווידער נישט אויפגעמאַכט די פענצטער! — האָט בייז אויסגעשריגן דער לייטער און אַרויסגעלאָפן ווי פון אַ גהנום. דער לייטער האָט געליטן אויף אַסטמע, קיין פּאַרע נישט געקענט פאַרטראָגן. די באַלעבאָסטע האָט אים נאָכגע־טראָגן אין ביורא אַ קעסעלע זופּ.

אביגדור, דער טיילער, האָט ביידע הענט אויפגעהויבן צום הימל און אויסגערופן:

— געלויבט ביזטו גאָט פאַר דער פּאַרע! איצט קאָן מען כאַטש אַ קאַרטאָפל אַרויסציען פון קעסל! ווי אַ מלאך־המוות שטעלט ער זיך אַוועק און היט און היט. נו, חברימלעך דערלאַנגט די טעפּ! פון דער גאַנצער אַרבעט נאָך גאָרנישט היינט אין מויל גענומען.

די קיך־אַרבעטער האָבן פון די ווינקעלעך אַרויסגעצויגן די טעפּ און אַוועקגעשטעלט ביים אויוון, גלייך צוריקגענומען, אַוועקגעשטעלט זיך אין אַ זייט און געטרונקען די הייסע זופּ. געבריט זיך די ליפּן, דאָס מויל. האָט ווער אַראָפּ־געשלונגען אַ הייסן קאַרטאָפל, האָט אַ קאַלטער שווייס באַדעקט זיין פּנים, הילפלאָז זיך אָנגעכאַפּט ביים מאָגן און ווייטער געקוויקט זיך מיט דער זודיקער, געדיכ־טער זופּ. דער ערשטער האָט אויפגעגעסן אביגדור, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן קעסל און אָנגעהויבן שטיפעריש:

— חברימלעך, עס וועט זיך דאָך אַמאָל ענדיקן די מלחמה... עס וועלן דאָ אַראָפּקומען די אַמעריקאַנער, מיט די ענגלענדער... זיי וועלן זיך אַ לאָז טאָן איבער די געטאָ אויף אַ שפּאַציר... נו, נו, וועלן זיי אונדז אַביסל באַוווּנדערן — האָט ער ווייטער געצויגן מיט אַ פאַרבענקטן ניגון, זיי וועלן זיך נעמען אויס־פרעגן, ווי אַזוי מיר גייען נאָך אַרום אויף די פיס, ווי אַזוי מיר האָבן איבער־געלעבט? איך זאָל אַזוי געזונט זיין, איך וועל זיי זאָגן, אַז אַלץ אַ דאַנק דער פּאַרע... וועלן זיי דאָך פרעגן וויאַזוי, האָט מיט אַ פייערל אין די אויגן געצויגן

דער טיילער, וועל איך זיי געבן צי פּאַרשטיין, אַז אַזוי ווי מאַשינען, שיפן און באַנען גייען אויף פּאַרע... אַזוי גייען מיר, קיכן־אַרבעטער, אויף פּאַרע! די וויכטיקסטע זאַך איז האָבן פּאַרע!

אַלע אַרבעטער האָבן הויך געלאַכט. זיי האָבן פאַרגעסן פון די עגמת־נפשן, פון די קראַנקע טאַטע־מאַמע אין די היימען, פון די געשטאָרבענע און פאַר־שיקטע און נייגעריק זיך צוגעהערט צו אביגדורס רייד.

אביגדור האָט פאַרזיכטיק אַריינגערוקט אַ טעפּעל קאַרטאָפל צווישן צוויי לויזע קאָפּלעס, וועלכע ער האָט אַמאָל ביי נאַכט־אַרבעט אַרויסגענומען און פאַרענטפערנדיק זיך געזאָגט:

— וואָס מיינט איר, אַז מיין כלה האָט פיינט קאַרטאָפל?

— איך מיין, האָט זיך אָנגערופן מיט קינאה אייזיק דער הייצער, אַז זי ליבט מער די בולבעס, ווי דיך... איך וועל זען, ווי דו וועסט אויסזען, ווען עס וועלן גיין רעטעך־זופּן...

— ריכטיק, ריכטיק, אייזיק איז אַ קאָפּ־מענטש — האָט געפּאַטשט אין די הענט די באַלעבאָסטע.

— פאַר מיין כלה זאָל דיר דער קאָפּ נישט דאַרן, האָט פאַרדראָסיק זיך אָנגערופן אביגדור, זי איז נישט ווי די אַלע געטאָ „פּופּעס”, זי איז אַ דאָקטאָרין!

— כ׳ווייס, כ׳ווייס — האָט מיט אַ באַהאַלטענעם חוזק געצויגן דער הייצער, ווען וועסט קראַנק ווערן האָסטו אַלץ בחינם ביז צו דער אַפּטייק...

— וואָס זאָל איך עפּעס קראַנק ווערן? עס איז שוין נישטאָ ווער עס זאָל קרענקען? — האָט זיך צעשריגן אביגדור. וואַרט, וואַרט, איך וועל דיר נאָכאַמאָל זופּן דערלאַנגען, סאַמע קאַרטאָפלעס... דעם קאָפּ איינשטעלן! גנבנען! — און שוין רואיקער צוגעגעבן:

— ווער איז דיר שולדיק, אַז דו ביסט אַ שלימזל, וויפיל דאָקטערקעס איז היינט אין געטאָ? וויפיל איז מיטן טראַנספּאָרט געקומען?

— יאָ, איך וועל זיי פּאַשען מיט קוילן — האָט דער הייצער מיט דעם זעלבן חוזק געזאָגט, ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אין אַ זייט און געטראַכט אין זיך: לייכט קומט אים אַלץ אָן... אַ טיילער געוואָרן, אַ דאָקטערן גענומען... די

„גאָליבראָדע״ וועט נאָך ווערן א קאמיסאר ביי רומקאָווסקין! און דאס גאנצע מענטשל האט 22 יאר!

פון דער טיר האט זיך צעשריגן דער לייטער: גיט נאָר א קוק זיך ווי זיי האבן זיך דא אויסגעזעצט? וואס מיינט איר זיך, אז איר זיצט אין א טעאטער? כ׳לעבן א גאַלעריע! אביגדור וואס שלאפסטו? גיס א קעסל! מען דארף פארן פערסאָנעל די זופ פארטיילן! אונטערן פענצטער שטייט שוין א ריי.

די ארבעטער האבן גענומען די טעפלעך און אויסגעשטעלט זיך אין א ריי ביים אויוון. געווארט אויף זייער זופ.

אביגדור האט אנגעהויבן טיילן פאר די ארבעטער, די באלעבאסטע האט דערלאנגט א טעפל דעם לייטער...

פון פענצטער האט זיך דערהערט א דינע, צעצויגענע שטים:

— ווען וועט מען טיילן די זופ, שוין צוועלף א זייגער!

— זיי האבן צייט, זיי מוזן צוערשט אויפפרעסן די קארטאפל! — האט אויסגעשריגן א צווייטער.

— דערשטיקט זאָלן זיי ווערן! — האבן עטלעכע צוזאמען אויסגעשריגן און אנגעהויבן קלאפן אין פענצטערל.



אונטער דעם פענצטערל פון דער קיך האבן זיך פארזאמלט ארבעטער פון די נעבן שאפן, אלטע לייט, וואס טויגן נישט צו קיין ארבעט, קינדער מיט טעפעלעך אין די הענט. אלע האבן געפאקט זיך פארויס און געשריגן:

— וואס וועט זיין דער סוף פון דעם שטיין!? מען קאָן דאך פארפרוירן ווערן!

— קלאפט אריין אין די פענצטער, וואס מיינען זיי זיך?

— ווער האט זיך אויף מיר ארויפגעלייגט? — האט זיך צעשריגן א יינגל. מען צעקוועטשט מיך, געוואלד...

— מאַך נישט קיין יעלות, מען קאָן שוין די שטיק... זיי ווילן זיך אָן א ריי צום פענצטערל צושטעלן! ארויס מיט אים! — האט אַן ארבעטער זיך צעשריגן.

— אומעטום פלאנטערן זיי זיך צווישן די פיס! — האט צוגעווארפן א צווייטער.

— מאמע, מא... האט דאס ייִנגל אויסגעשריגן און שטיל געבליבן.

— מענטשן האט גאט אין הארצן, לאזט צו ס׳ייִנגל, ס׳איז אים שלעכט געווארן! האט זיך אריינגעמישט א ווייבל. מסתמא נאך היינט גארנישט געגעסן, נעבעך, א רחמנות...

— גיט אים אייער ארט! אז עס איז אייך אזא רחמנות, ווער דען פון דער ריי האט שוין היינט געגעסן? — האבן זיך עטלעכע מענטשן אויפגערעגט. דא זענען נישטא קיין הונגערקע און זאטע!

— זאָל ס׳ייִנגווארג נישט לויפן גלייך אין דער פרי אין די רייען, פענ־טאקעס אזוינע, פארנעמען די ערשטע ערטער ביים פענצטער און מאכן נאך א טומל! — האט אן אלטער ייד זיך צעבייזערט. ווען איך זאל נאר נישט קומען, איז שוין א פולער הויף! קראנק קאָן מען ווערן, ביז מען באקומט דאס ביסל „כלאפוס״!

— יעדע קיך דארף האבן א קאמיסיע, וואס זאל היטן אָרדנונג, עס וועט אמאל אַן אומגליק געשען — האט זיך אן אלט גרוי באבעלע מיט א קינדישע שטים באקלאגט.

— אמבעסטן וואלט געווען, ווען די דייטשן וואלטן איבערגענומען די קיכן, זיי וואלטן שוין איין מאל אן אָרדנונג געמאכט. יעדער וואלט כאטש א ריכטיקע מאָס באקומען אָן פראטעקציעס! — האט זיך אן ארבעטער אין א דינער מארי־נאַרקע, מיט א בלוי פנים פון דער קעלט, צעשריגן.

— אזא יאר אויף זיי, סארא ארדנונג זיי פירן איין! דו חכם איינער, שווייג בעסער! די דייטשן האט זיך אים פארוואלט! — האט איינער דורך א צווייטן געשריגן. מסתמא האט ער א קרוב אין צד...

דער ארבעטער האט אויפגעהויבן א האנט צום נאָנטסטן אין דער ריי, מיט א שוואכן קול, אָן כוח אויסגעשריגן:

— איך וועל דיך באלד מאכן א קאָפּ קלענער, ווער האט א צד אין... אין...

אלע האבן זיך הויך צעלאכט. — אזא „קלאפסידרע״ קוים וואס ער פאכעט מיט דער נשמה און וויל זיך נאך שלאגן! הא, הא, הא...

עס וואלט זיך זיכער אנגעהויבן א געשלעג, ווען נישט די, וואס זענען געשטאנעןביים פענצטערל, וואלטן זיך גענומען ארויסשטויסן א פרוי פון דער ריי.

— ביזט נישט געשטאַנען! אט ארייננעדרייט זיך! — האט געקוויטשעט א ווייבל מיט א שווארץ געפרוירן פנים. מיר זענען שוין שטייף געווארן די פיס, ס'מישט זיך מיר אין קאפּ... און זי וויל זיך דאָ ארייננדרייען! מענער, לייגט צו א האַנט! — האט זי א פארצווייפלטע אויסגעשריגן.

— זי איז יאָ געשטאַנען — האט זיך א מיידעלע אנגערופן. נאך אין דער פרי געקומען.

— זי איז נישט געשטאַנען — האבן אנדערע ארבעטער אונטערגעהאלטן...

— איך זעלבסט האָבע געזען, די פראו איז יא געשטאַנען — האט זיך אנגערופן א פרוי פון דרעזדן. זי האט נאך געוואלט וואס זאגן, נאר אלע האבן זי פארשריגן:

— געקומען אן עדות פון יעקע לאנד...

— געזען מיט די גאָלדענע ברילן... די פריצה מיטן זילבערנעם טאָפּ...

— ציט ארויס די דייטשקע פון דער ריי! צוויי יידן פון פון ווינער טראנספּארט, האבן זיך שווייגנדיק אָנגעקוקט און טרויעריק געשאָקלט מיט די קעפּ.

— אין גלות ביי אייגענע... ביי יידן!

ביים פענצטערל איז וואס אמאָל פולער געווארן, דער טומל פון הויף האט זיך געטראָגן ווייט איבער דעם געסל. מיטאַמאָל האט אין דער ריי זיך ארייננגעריסן א חברה געזונטע יינגען, אָנהויבן קלאפּן אין פענצטערל.

דאס פענצטערל האט זיך צעעפנט, דער לייטער האט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ און גוטמוטיק געמאָלדן:

— חברים ארבעטער, מיר וועלן גלייך טיילן...

ער האט פארמאַכט דאס פענצטערל און אויסגעשריגן צו אביגדורן:

— גיכער צום טיילן! די ארבעטער זענען דאך כשר גערעכט! הונגעריקע מענטשן... פריילייך סאַניע גייט צו רעגיסטרירן! נאר אלץ לויט דער ריי, אָן פּראָטעקציעס.

אין פענצטערל האבן גלייכצייטיק זיך ארייננגערוקט עטלעכע קעפּ.

— טייל לויט דער ריי... ס׳דאַרף דאָ קומען אַ פּאָליציאַנט מאַכן אַן אָרדנונג — האָט אַ מיידל פון „געמיזע־אָפּטיילונג״, פון אַ זייט זיך אָנגערופן.

— יאָ, פּאָליציאַנט... ער וועט מאַכן אַן אָרדנונג — האָט אַ מיידעלע נאָכגעשפּעט. ער וועט נעמען די זופּ און וועט אַוועקגיין.

אביגדור האָט בליץ שנעל געגאָסן די זופּן און ווי ער וואָלט געוואָלט באַרויִקן דעם עולם — געענטפערט:

— אין איין האַלבע שעה וועל איך אַלע זאַט מאַכן... האַלט נאָר אַן אָרדנונג מיט די טעפּ און וואַרט אויס די ריי... איר האָט דאָך ערשט נעכטן געגעסן, מה הרעש?

אין פענצטערל האָבן זיך ווידער אַריינגערוקט עטלעכע טעפּ צוזאַמען. עמעצער פון דער ריי האָט זיי אַ שליידער געטאָן. עס האָט זיך ווידער אויפֿ־געהויבן אַ טומל. וועמען האָט זיך אויסגעגליטשט אַ טעפּל פון דער האַנט, די זופּ אויסגעגאָסן אויפן מאַנטל. דאָס אָפּגעבריטע מיידל האָט הויך געוויינט.

איבער אַלע האָט הויך געשריגן אַן׳אַרבעטער:

— איך נעם נישט די זופּ! — קוקט אַלע סאַראַ טאָפּ „כלאַפּוס״ ער האָט מיר דאָ אָנגעגאָסן! איך דאַרף האָבן דריי שטיקלעך קאַרטאָפל! וווּ זענען מיינע קאַרטאָפל?

— ריכטיק, ריכטיק! — האָבן די אַרבעטער אונטערגעהאַלטן. שוין גענוג האָבן זיי געפרעסן אויף אונדזער חשבון! פּייאַווקעס, באַנדיטן! ווי לאַנג איז דער שיעור! דער המון האָט זיך צעשריגן, צעשטורעמט. די קולות געטראָגן וואָס אַמאָל העכער.

— איך נעם און גיס אייך אויפן קאָפּ אַרויף די זופּ! פון וועמען מאַכט איר דאָ ס׳געלעכטער? — האָט זיך געהיצט דער אַרבעטער.

איבער זיין קאָפּ האָבן אַנדערע די טעפּלעך אין פענצטערל אַריינגערוקט.

אביגדור האָט אַוועקגעלייגט דעם שעפּער, מיטן אַרבל אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און אַן אויפגעבראַכטער אַ שריי געטאָן:

— איך טייל נישט מער! דער רוח זאָל עס נעמען. ווילדע חיות געוואָרן! דער אַרבעטער האָט נישט אָפּגעטראָטן, מיט אַ הייזעריקער שטים גערופן:

— וואו איז דער לייטער? איך וויל איבערוועגן מיינע קארטאפל!

— איבערוועגן — האבן אונטערגעכאפט עטלעכע ארבעטער, זאלן אלע זען זייערע גנבות!

דער לייטער האט זיך געשטעלט אין דער טיר פון דער קיך און ארויס־געשריגן:

— און וואס וועט זיין, ווען עס וועט זיין מער? קומט, קומט, איך וועל אייך באלד איבערצייגן! פאניע בורשטיין! — האט ער א געשריי געטאן צום מאגאזינער:

— דערלאנגט די וואג!

— איך דארף נישט מער — האט זיך דער ייד פארטיידיקט אין דער קיך, מיר קומט צען דעקאָ קארטאפל, גיט מיר מיינס! איך ארבעט שווער, ווו איז מיין מיטאג? כ׳האב היינט נאך נישט איינגענעצט די ליפן!

דער לייטער האט אפגעוויגן דעם טעלער, ארויסגענומען די צעקאכטע קארטאפל פון טעפל און מיט נצחון אויסגערופן:

— קוקט אלע, גאנצע צוועלף דעקאָ? דריי שטיקלעך מיט א האלבס! און וויפיל איז צעקאכט געווארן? איצט זאגט אליין, וואס זאל איך טאן, אראפנעמען?

— לאזט צורו — האט זיך ארייננעמישט דאס באבעלע, וואס וועט ער זיך שוין אויספאשען מיטן שטיקל קארטאפל...

— יאָ, צוועלף דאקאָ — האט בייז געברומט דער ארבעטער, די קארטאפל זענען צעקאָכט, נאס...

— איך וועל זיי באלד אויפהענגען אויפן בוידעם טרוקענען, האט דער לייטער אויסגערופן און זיך צעלאכט.

דער עולם האט מיטגעלאכט.

— איך דארף אייך איבערגעבן אין דער פאליציי פאר מאכן א באַלאַגאַן דא שטייען הונגעריקע מענטשן! וואס מיינט איר זיך?

— טיילט ווייטער, טיילט! — האט זיך די ריי צעשריגן.

אייזיק דער הייצער, איז ארויס היטן די אָרדענונג און אביגדור האָט זיך ווידער גענומען צום טײַלן. די ריי איז וואָס אַמאָל קלענער געוואָרן, די אַרבעטער האָבן זיך אוועקגעזעצט אויף די שטיינער פון הויף און גיריק געטרונקען די זופּ פון די טעפּלעך. די וואָס האָבן שוין אויפגעגעסן דאָס „מיטאָג" האָבן מיט ביטול צווישן זיך גערעדט:

— ס'איז ווערט געווען צו שטיין אין דער ריי, שיער נישט דערהרג'עט געוואָרן! מיר זענען שוין אינגאַנצן פאַרנאַרט, מיינען, אַז אַזאַ ביסל וואַסער קאָן וועמען זאַט מאַכן.

— נו, און יעצט אויף וואָס ווייטער וואַרטן! גיין אין דער ריי נאָך ריבן אָדער פּיעטרישקע? ס'לעבן קומט מען אָפּ אין די רייען!

פּלוצים האָט אויפן הויף זיך באַוויזן אַ בעאַמטער פון דער „גמינע", אַלע האָבן גלייך באַמערקט, ווי ער האָט אַרויסגערופן דעם לייטער פון דער קיך. אַרומגייענדיק איבערן הויף האָבן זיי ביידע זיך געסודעט. דער בעאַמטער האָט מיט אַ פאַרזאָרגט פּנים עפּעס דערציילט, דער לייטער איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּלאָזטן קאָפּ, ווי אַ צוגעשמידטער צו דער ערד. גלייך איז דער בעאַמטער אַוועק. דער לייטער איז צו צום עולם מיט אַ דערשטיקט קול, מיט אַ ביטערן שמייכל אויף די ליפּן קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— כדדאַי צו מאַכן... סססקאַנדאַלן איבבבער אַ קאַרטאָפל... מאַרגן איז דאָס גאַנצע געטאָ אויף דער לללליסטע...

ווען דער לייטער איז אַריין אין דער קיך און געוואָלט אָנזאָגן די נייע גזירה, האָט ער זי אַרויסגעלייענט פון אַלעמענס פּנימער. די קיך־אַרבעטער זיינען געשטאַנען אַרום דער קיך און געשוויגן. מיטאַמאָל איז אַרום געוואָרן אַזוי פּוסט און טרויעריק, אַז יעדן האָט אַרומגענומען אַ קעלט. דער לייטער איז צוגעגאַנגען צו די אַרבעטער, געוואָלט עפּעס זאָגן, ווי זיין שטייגער איז, אויסטייטשן צום גוטן, אויסרעדן, נאָר קיין ווערטער האָבן זיך ביי אים נישט אַרויסבאַקומען. זיינע קליינע, שוואַרצע אויגן זיינען פאַרטרערט געוואָרן, דאָס פּנים האָט געציטערט, ווי ער וואָלט זיך מיט דער געטאָ־ווירקלעכקייט צום ערשטן מאָל געטראָפן. די אַרבעטער האָבן געקוקט אויף אים און נישט געקאָנט דערקענען. ערשט מיט אַ שעה צוריק האָבן זיי פאַר אים געטאַנצט, ווי פאַר אַ האַר פון זייער לעבן, געחנפעט קנעכטיש מיט די אויגן נאָך אַ ביסעלע זופּ,

נאך א קארטאפל. איצט זיינען זיי אלע געשטאַנען צוזאמען, ווי אייגענע, אויס־געגלייכט אין איין גורל.

— נו, — האט דער לייטער אויסגערופן, געמיינט, אז אָט־אָט... ענדיקט זיך... און דא א נייע אקציע... נאָר וואס? מע דערציילט, אז רומקאָווסקי גיט אויף דעם וועג א סוועטער, א פאר וואָלענע סקארפעטן, האלץ־שיך און דער עיקר א ברויט!

— א גאנץ ברויט? — האבן די ארבעטער איבערגעחזרט און גלייך אפ־געהאקט, ווי דאס קול וואלט זיי אפגענומען געווארן.

— קודם־כל דארף מען אויפעסן דאס ברויט... שפעטער זאָלן זיי מאכן וואס זיי ווילן — האט זיך אנגערופן דער נאכטוועכטער פון דער קיך. ער האט שוין פון לאנג פארגעסן דעם טעם פון ברויט. זינט ער האט אנגעהויבן ארבעטן אין דער קיך האט ער געלעבט נאר אויף די זופן. דאס ברויט האט ער אפגעגעבן דער משפחה.

א ביטערקייט האט זיך געלייגט אויף אלעמענס פנימער. פאר זייערע אויגן האבן זיך ווידער געצויגן די מהומה־בילדער, יעדער האט זיך געזען מיט א פעקעלע אין דער האנטביים תפיסה־טויער.

— מ׳דארף ארויסגיין אויפן בית־עולם זיך געזעגענען מיט אלע — האט זיך בלומע אנגערופן פון איר אָרט ביים טיש און שטיל געבליבן.

— זיי איז שוין בעסער... כ׳בין מקנא די טויטע — האט ציטערדיק געזאגט לאה. מע האט כאטש איין מאל אויף אלע מאל מנוחה, ווי לאנג איז דען פון יענער אקציע? אפילו קיין חודש נישט...

די איבערראשונג פון דער ערשטער רגע איז אדורך. איינציקווייז האבן זיך די צונגען אויפגעבונדן. אביגדור איז דער ערשטער געקומען צו זיך, דערמאנט, אז מיט א פאר טעג צוריק איז טאקע גערעדט געווארן וועגן א נייער אקציע, צווישן זיינע באַקאַנטע פאליציאנטן.

— דאס מאל וועלן גיין די „קיעראָווניקעס״ (אויפזעער) — האבן געלאכט די פאליציאנטן, שוין צייט אויף זיי! — „עס ווערן געברויכט שטאַרקע, געזונטע מענער, אָן פאַמיליעס...״

אביגדור האט נישט געגלויבט. ווי לאנג די געטא איז איינגעפּירט געווארן, איז נאך קיין „קיראָווניק״ נישט ארויסגעשיקט געוואָרן. ווער וועט וועמען שיקן? דער לייטער פון „האָלץ־וואַרע״ וועט שיקן דעם לייטער פון „אַלט־מאטעריאל?״ זיי וועלן זיך שוין ארויסדרייען — האט זיך געטראכט אביגדור און דערפאר די אלע רייד נישט גענומען ערנסט.

אין דער שטילקייט האט זיך מיט שרעק אנגערופן דער בוכהאלטער, א נידעריקער מאַן מיט א פליך אויפן קאפּ:

— מען רעדט עפּעס, אז עס דארפן גיין שטארקע מענטשן... צו שווערע ארבעט...

— יא, האט באשטימט אביגדור מיט א באהאלטענעם חוזק, דאס מאל וועלן גיין די לייטער פון די קאָאָפּעראַטיוון, רעסאָרטן... און צעלאכט זיך הויך. איך שטעל זיך פאר יעדן פון זיי מיט א שופל אין דער האנט אין האלצענע טרעפּעס! האָ, האָ, האָ...

— ביי דיר איז יעדע צייט גלייך! — האט בייז אויסגעשריגן דער לייטער. אלץ ברענט אונטער די פיס און ער מאכט זיך ס׳געלעכטער. די קיראָווניקעס זיינען דאך אויך יידן! איך וואלט געוואלט זען, צי דו וואלסט געלעבט אויף רומקאָווסקיס קעסט, ווען דו וואלסט געארבעט אין א קאָאָפּעראַטיוו... צי דו וואלסט צוגעלאזט הונגערן דיין משפחה.

אביגדור האט ווי צו זיך א ברום געטאָן:

— איך ווייס... מען רעדט עפּעס, אז די פרייליידיקע...

דער לייטער איז אויסער זיך געווארן.

— נישט גענוג, וואס א מענטש איז אליין, האט נישט קיינעמען, דארף ער נאך פארשיקט ווערן! זיי האבן שוין נישט צו וועמען זיך צו טשעפּען!

— וועמען זאלן זיי בעמען? — האט זיך אריינגעמישט שרה. — די טאַטעס פון די קינדער האבן זיי שוין פארשיקט...

— ווען פארשיקט, וועמען פארשיקט? — האט פון דער טיר זיך אנגערופן די באַלעבאָסטע. מע איז נאך היינט נאך קיינעמען נישט געקומען, קיינעם נישט גערופן! זי איז צו צום אויוון און גענומען גיסן א קעסעלע זופּ פאר דער שיילער־שטוב און מיט באדויער א פרעג געטאָן סנדרן, דעם שווארץ־ארבעטער:

— נו וואס האב איך געזאגט? איך האב אייך נישט איין מאל צוגערעדט, איר זאלט זיך צואיילן מיט דער חתונה... אויף וואס ווארט איר? אירווילט דווקא בלייבן א פריילײדיקער? איי, סנדר — האט ווייטער געצויגן די באלעבאסטע. מיר וואלטן אייך געמאכט א חתונה, אז איר וואלט זי געדענקט דאס גאנצע לעבן! דער לייטער וואלט צוגעשטעלט א קעסעלע און לאה וואלט געמאכט פון שיילעכץ א טאָרט אויף די ווונדער! צו וואס האט איר צוגעפירט? — האט זי פארענדיקט מיט פארדראָס.

— איר דארפט א חתונה? — אָט האט איר א חתונה! — האט פארביטערט געזאגט דער לייטער, אריינגעלייגט די הענט אין די טאַשן און אנגעהויבן שפאַנען איבער דער קיך.

— וואס איז היינט מיט אייך געשען? — האט זיך געוווּנדערט די באַלעבאַסטע, — כ׳ווייס, אז אין געטא קומט יעדער אומגליק שטענדיק אומ־פארהאפט. ווען אלע הייבן אָן דערציילן וועגן אקציעס, וועגן ליסטעס, ווייס איך תמיד, אז עס וועט זיך אויסלאזן מיט א גארנישט. מיר זאלן זיך צוהערן צו דעם, וואס אלע דערציילן, וואלטן מיר באַדאַרפט שוין פון לאַנג מיט זיך א סוף צו מאכן! די „געסטאַפּאָ״ אליין פארשפרייט די מעשיות. זיי ווילן אונדז משוגע מאכן — האט זי גאר ערנסט פארענדיקט. נאָך א ווײלע אנגענומען דאס פולע קעסעלע זופ און צוזאמען מיט סנדרן אריין אין דער שיילעריי.



אין קליינעם שטיבל פון דער שיילעריי, ארום דעם רויט צעגליטן אויוון, זיצן ווייבער איינגעהויקערטע, שווייגענדיקע, מיט פנימער מידע, אויגן רויטע, נישט אויסגעשלאָפענע און שיילן, שיילן, שיילן.

ווייבער פון מענער פארטריבענע, מאמעס פון קינדער פארשיקטע, איינזאמע, דערשלאָגענע, פארצווייפלטע. אפגעטראגן און צעריסן זייַנען זייערע קליידער, נאַס און צעפוילט — זייערע קלומפקעס. מיט פינגער צעהרגעטע, בלאָטיקע, שיילן די ווייכע, פארפרוירענע קארטאפל טאג־טיין טאג־אויס. וואכן, חדשים, יאָרן.

שטיל איז אין דער שיילעריי.

הערט זיך א פלוסק פון די געשיילטע קארטאפל, וואס די שיילערינס ווארפן אריין אין דער גרויסער וואַנע. און ווידער קלאפן די מעסערס און

דרייען זיך קונציק ארום די קארטאפל. גיך, גיכער... עס ווארט אויף זיי דער קעסל, ווי א ים שלינגט ער זיי איין און שפּייט ארויס א פּארע.

קוקט אסתר פון איר ווינקל אויף די אויסגעשיטע אויף דער ערד קאר־טאָפל און זיפצט:

— עס ווערט גאָרנישט ווייניקער... ליגן אין אַ הויכן בארג און וועלן קיין מאל נישט אויסגעשיילט ווערן. קיין מאל וועט צום שיילן קיין סוף נישט נעמען! זי זיצט ביי איר עמער אפּגעזונדערט פון אלע, איינגעבויגן, ווי איינגעקאָרטשעט אין זיך, דעם קאָפּ נידעריק אראפּגעלאזן, ווי זי וואלט קיינעם נישט געוואלט זעען און טענהט זיך אויס מיט איר פארשיקט מיידעלע, ווי עס וואלט קיינמאל קיין „שפּערע", קיין קינדער־אקציע נישט געווען.

ווען אסתר איז נאָך דער „שפּערע" צו דער ארבעט געקומען, זיינען די ווייבער אויפגעציטערט געווארן. איר פּנים איז געווען פארשטיינערט, די ליפּן ווייס, אויסגעקרימט, צוזאמענגעצויגן, די אויגן טויט־רואיקע, פארגליווערטע...

די ווייבער האבן זי געוואלט טרייסטן, בארואיקן, נאָר עפּעס קיין ווערטער האבן זיך אויף די ליפּן נישט געלייגט.

די פארטריבענע פרוי פון האמבורג האט ארויסגענומען פון איר טעפּל א ביסל געריבענע ריבן מיט א שטיקל ברויט און דערלאנגט אסתרן:

— עסט אסתר, נעמט...

אסתר האט דאס שטיקל ברויט אריינגעלייגט אין טעפּל און, ווי קיין מאל גאָרנישט געזאגט:

— כ'וועל עס אהיימטראגן פאר שרהלען... און אוועקגעזעצט זיך עסן די ריבן. די ווייבער האבן געשיילט און געכליפּעט.

ווי שטענדיק טראגט אסתר יעדן טאג אהיים די קארטאפל פון דער זופּ, באהאלט דעם צוקער און האָניק פון די ראציע. ביינאכט נייט זי, פּרעסט און וואשט די העמדעלעך און קליידעלעך.

די שיילערינס, וואס קומען צו איר פון צייט־צו־צייט, האבן געפּרווט די קינדער־זאכן אוועקלייגן. „זיי זאלן אויף די אויגן נישט ליגן", נאָר אסתר לאזט נישט.

— ס׳קינד וועט באַלד צוריקקומען, זאָל אַלץ ליגן ווי ס׳ליגט — טענהט זי.

א יאָר איז אַדורך נאָך דער „שפּערע״ און אסתר וואַרט אַלץ אויף שרהלען. ביינאַכט כאַפּט זי זיך אויף פון שלאָף, הערט זיך איין צי עס קלאַפּן נישט אויף די טרעפּן אירע קליינע קלימפּערס. מאַכט וועך אויף די טיר — לויפט זי גיך אַנטקעגן, פון דער אַרבעט איילט זי די ערשטע אַהיים...

...אפשר איז דאָס קינד שוין צוריקגעקומען...

אין איר ווינקל שמועסט זי גאַנצע טעג מיט שרהלען, שמייכלט צו זיך, לאַכט, אָדער מיטאַמאָל גיט זי זיך א בייזער אָן, צעשרייט זיך, דאָס מעסער פאַלט אַרויס פון דער האַנט און זי בלייבט זיצן ווי א פאַרגליווערטע.

דער לייטער פון דער קיך האָט נישט געוווסט, וואָס מיט אסתרן צו טאָן, אָפּזאָגן זי פון דער אַרבעט „איז עפּעס נישט מענטשלעך״, לאָזן אין דער שיי־לערייַ — האָט „אויך נישט קיין זין״. ער האָט זי א צייט באַטראַכט און זעענדיק, אַז זי פּילט אויס איר נאָרמע, געלאָזט אויף איר אָרט. די ווייבער קוקנדיק אויף אסתרן האָט אַן אימה באַנומען, נישט ווילנדיק האָבן זיי זיך פון איר אָפּגערוקט. די „טויבע רחל״, וואָס איז פאַר דער מלחמה א דינסט־מויד געווען, האָט זיך מיט איר עמער קאַרטאָפל צו אסתרן צוגערוקט, ווי זי וואָלט זי געוואָלט נעמען אין איר שוץ. פאַר רחלס מויל האָט די גאַנצע קיך מורא געהאַט. דער לייטער אַליין האָט געזאָגט:

— איך וואָלט שוין בעסער געוואָלט אַריינפאַלן אין א קעסל הייסע זופּ, איידער אין רחלס מויל!

ביים טיילן די זופּן שטעלט רחל קודם־כּל אונטער אסתרס טעפּל, אין איר עמער לייגט זי אַריין שטענדיק די גרעסטע קאַרטאָפל.

יעדן מאָל, ווען זי פאַרקוקט זיך אויף אסתרן טראַכט זי:

— נאָך גוט וואָס דער ימח־שמוניק איז אַוועק נאָך ביאַליסטאָק, ווען די געטאָ איז נאָך אָפן געווען. מער וואָלט מיר נישט געפעלט, נאָר האָבן א קינד און אָפּגעבן דאָס פאַרן דייטש! דאָס פייער וואָס האָט אין איר יאָרן לאַנג געברענט, האָט זיך געשטילט, די קנאה און בייזקייט, ווייל זי האָט קיין מאָל קיין אייגענע היים נישט געהאַט, איז פאַרגאַנגען. אָפט ביים שיילן רעדט רחל צו זיך:

— מ׳דאַרף נישט קיין היים, מ׳דאַרף נישט קיין קינדער...

שווייגנדיק זיצן זיי נעבן זיך.

ווי אויף שבעה זיצן די ווייבער אויף די קליינע פוס־בענקעלעך נעבן אויוון. ווארעמען די פולע געשוואָלענע פיס מיט טראַנטעס אַרומגעבונדענע דערציילן זיך וועגן זייערע קינדער: וועגן די משהלעך, דבורהלעך, בלימעלעך, אין דער פרעמד פאַרשיקטע, ווי שוואַלבן פון די נעסטן אויף דער קעלט אַרויסגעשליידערטע. זיי דערציילן וועגן זייערע היימען, מענער, שוועסטער און ברידער, און טרערן גרויסע, זאַלציקע, שווימען איבער זייערע צעגליטע, פאַר־שוויצטע פנימער.

נאָר די איינגעהויקערטע 65־יעריקע באַבע פון „שמאָלן געסל״ איז אויפגעהייטערט און רעדעוודיק. פון סוף געטאָ קומט זי מיטן שטעקן אין דער האַנט צו דער אַרבעט. זי שיילט־אויס יעדן טאָג איר נאַרמע, פילט זיך אין דער קיך היימיש, ווי זי וואָלט דאָ אַלעמענס באַלעבאָסטע געווען. וואָס טוט זיך אַרום, דערגייט נישט צו איר. זי לעבט אין איר וועלט פון נעכטן. גאַנצע טעג דערציילט זי די שכנטעס וועגן אירע טעכטער, וועגן זייערע „וויפּראַוועס״, וואָס זיי האָבן זיך וואָכן־לאַנג געגרייט און גענייט, וועגן די חתונות אויף וווּנדער, די בר־מצוות און שמחות פון אירע שנורן און איידעמער... אַזוי דערציילנדיק גיט זי אַ לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ, די אויגן פאַרמאַכן זיך, דאָס מעסער בלייבט שטעקן אין דער האַנט...

ווען זי כאַפּט זיך אויף, פאַרטיידיקט זי זיך, ווי אַ פאַרשעמטע:

— איך בין גאָרנישט געשלאָפן... נאָר אַ דרימל געכאַפּט. איר טרוקן פאַרקנייטשט פּנים ווי אַ האַרבסטיקער בלאַט, באַדעקט אַ לעבלעכער שמייכל.

— אוי, האָב איך געהאַט אַ חלום — הייבט זי אָן צו דערציילן. עס האָט זיך מיר געחלומט דבורהלעס חתונה... אוי, איז דאָס געווען אַ חתונה! אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט! עס האָט נישט געפעלט, נישט פון קיין פיש נישט פון קיין פלייש, נישט פון קיין בראָנפן, נישט פון קיין ווייַן. חאָנציע די בעקערן, איז אַליין געקומען באַקן דעם פלאָדן...

די ווייבער הערן און שאָקלען מיט די קעפּ.

אַ פלאָדן... איז דאָך אַ סימן פון שמחות! און גלייך טייטשן זיי אויס דעם חלום:

— מירן אויסגעלייזט ווערן!...

אויסגעלייזט ווערן...

טויכט אויף איבער דער שיילער־שטוב א טרוים פון אויסלייזונג. זעען די ווייבער פאר זיך גאסן פרייע אָן צוימען, אָן אומגעוואָרפענע בריק אין מיטן וועג, אויף די שטיינער צעריסענע געלע לאַטעס! דער „פּאָסטן" איז אוועק, אַלע זיינען פריי, פריי!

— אוי וועט דאס זיין א טאג, וועט דאס זיין א טאג — חזרט נאך אמאל איבער די 16־יאָריקע סאלקע מיט באגייסטערונג און מרוזשעט די אויגן, ווי זי וואלט פאר זיך דאס בילד געזען. איך וואלט אוועקגעוואָרפן דאס שיסעלע מיטן מעסער און ארויסגעלאפן אויף די גאסן — גיט זי א זאג און עס דאכט זיך, אז אָט וועט זי פון דער שיילעריי א לויף טאָן, ווי א פויגל פון זיין שטייג, זיך לאזן איבער די גאסן און געסלעך פון געטא צוריק אהיים. אין דער שטאָט!

דאס שיילן גאנצע טעג איז איר שוין אזוי נמאס געווארן, אז זי וואלט ליבער געגאנגען ארבעטן אין א רעסאָרט. ווען נישט דאס, וואס מיט דעם פּאָסטן דערהאַלט זי דעם ברודער ביים לעבן.

— אוי סאַלקע, סאַלקע, נישט איין וואָגן קארטאפל וועלן מיר נאך אויס־שיילן, ווער ווייסט ווי לאנג מירן אזוי פארשקלאַפּט זיין — ווארפט אריין פארצווייפלט די „טויבע רחל".

— און איך זאג אייך, אז אונדזער אויסלייזונג וועט קומען אין מיטן פון אונדזער האָרעוואַניע — זאגט דאס אָנצייניקע באבעלע און אירע קליינע איינגע־פאלענע אייגעלעך פינקלען ווי שטערנדלעך. מיר מוזן האפן און גלויבן אין זיין ליכטיקן נאָמען... ער האט שטענדיק מיט אונז נסים געטאן...

— נסים? — חזרט איבער אומגלויביק א פארטריבענע דייטשישע פרוי און בלייבט שוייגן.

— יאָ, פרוי הילדא, מירן שטענדיק, שטענדיק געלעבט מיט נסים — זיט ווייטער די גרויע באבע, איר וועט זען, אז אין א פראָסטן טאג וועט זיך צעבלאזן א שופר, אויף א ווייס פערד וועט קומען צו רייטן משיח און אנזאגן, אז ביי אונדזערע שונאים איז די מאכט אפגענומען געווארן! עס וועלן ווערן שמחות ביי יידן... טאַטעס וועלן זיך אומקערן, די מאמעס געפינען די קינדער, די קראנקע געזונט ווערן...

— הלוואי, הלוואי... זאָגן שטיל נאָך די ווייבער. נאָר איין גאָט אין הימל קאָן זיך מרחם זיין... און שטיל שיילן זיי ווייטער די קארטאפל.

די טיר האט זיך אויפגעמאכט און אויף דער שוועל האט זיך באוויזן די באלעבאָסטע מיט סנדרן.

— מ׳גייט מיטן קעסל — האבן די שיילערינס אויסגערופן, אויפגעכאפּט זיך פון די ערטער, געגומען זוכן די טעפּ, די לעפל. עס איז געווארן א רעש א טומל. איבער אלע האט געקלאַגט סאלקע:

— איך האב שוין נישט נאך וואס צו לעבן. ווידער איז מיר אוועקגענומען דאס טעפל! טויזנט מאָל האב איך אנגעזאגט, קיינער זאל מיין טעפל נישט רירן! איצטער וועל איך האבן א קאלטע זופ! ביז מען זעט שוין דאס ביסל כלאָפּוס...

סנדר האט אנגעהויבן טיילן די זופּן באטראכטנדיק יעדע ווייבל באזונדער.

— זיי ווייסן נאָך נישט פון דער אקציע — האט ער געטראכט אין זיך. עס האט זיך אים געדאכט, ער טיילט זיי די לעצטע זופּ, מארגן וועלן נאר די קאַרטאָפל ליגן צעשיט איבער דער שיילער־שטוב. די האַנט איז אים ווי געליימט געווארן, קוים האט ער געקענט דעם לעפל אנהאלטן.

— נו, רירט מיט די ידים! האט רחל אומגעדולדיק אויסגערופן, שוין גענוג געוואַרט...

די ווייבער ארום האבן זיך אנגעהויבן צו שטויסן, זיך פּאַקן וואס נענטער צום קעסל. שיער אים נישט איבערגעקערט. סנדרן האט מיטאמאל א כעס גענומען אויף אלעמען. ער האט אויפגעהויבן דעם שעפער און בייז א שריי געטאן:

— וואס פּאקט איר זיך אזוי? מיר גייען סיי ווי אויף דער פּאַן...



די זופּן זיינען פארטיילט געווארן. די קעסלען אויסגעליידיקט. שווייגנדיק זיינען די קיך־ארבעטער אהיימגעגאנגען. אין דער קיך איז נאר רייזל געבליבן. זי שטייט ביים אנגעשטעלטן טיש מיט טעפּ און שיסלען, קוקט זיך ארום פרעמד און דערשלאגן איבער דער שמוציקער קיך און קאָן זיך צום ראַמען נישט נעמען. שטעלט זיך אוועק ביים שמאָלן קיך־פענצטערל און קוקט טרויעריק ארויס אויף דער גאס.

— אזוי איז עס... א געטא...

די הייזער פאַריתומט, די קראָמען פארשלאסן. די גאס מיט ברעטער באקלאפט, מיט דראטן באצוימט, זעט אויס, ווי א גרויסע שטייג. עס איז אזוי שטיל און פוסט ארום, ווי עס וואלט דא אלץ אפגעשטארבן. ווייט אין עק פון דער גאס ציען צוויי מיידלעך א וואגן מיט צואה. טראגט זיך איבער די שטיינער א סקריפ פון די רעדער, ווי א זיפץ פון א גוסס.

אויף רייזלס ליפן לייגט זיך א ביטער געלעכטער:

ווי א זייגער גייט דאס געטא! אלץ ארבעט... פינף מינוט נאָך זיבן, זעט מען נישט קיין לעבעדיקן נפש אויף דער גאס. און סיי־ווי־סיי אָן אונטערגאַנג! איין אקציע נאך אן אנדערער... און אזוי וועט עס זיין ביז... ביז צום לעצטן! די טעפ מיט די טעלער הייבן אָן צו קרייזלען פאַר אירע אויגן.

— אנטלויפן!

— אנטלויפן, וווּ די וועלט האט אַן עק!

ס'ווערט איר ענג אין דער קיך, ווי אין אַ קלעם. האַסטיק גיט זי א צעפראל די טיר. לויפט ארויס אויפן הויף, ווי פון דער קיך וואלט דאס אומגליק געקומען.

דער הויף איז לער געווען.

אין דער גרויקייט פון פארנאכט האט רייזל דערזען ביים באַרג שיילעכץ א יידן. איינגעבויגן אין צווייען האט ער געגראבן מיט די הענט. מיטן גאנצן קערפער, גענארעט, געזוכט. מיט אמאל האט ער זיך אויפגעזעצט, אויסגעגלייכט די פלייצע, טעמפ ארומגעקוקט זיך ארום, און דערזעענדיק רייזלען, אויפגעהויבן זיך, מיט שווערע טריט פאמעלעך צו צו איר, און מיט א שמייכל אויף די פולע, אנגעשוואָלענע באקן, א פארלוירענער א פרעג געטאן:

— מאַדאַמעשי... אפשר איז געבליבן א ביסעלע שיטערס?

# שבת

1

אויפן געטאָ־הימל איז אויסגעגאנגען דער לעצטער שטערן.

דורך די פארטונקלטע פענצטער מיט אן אלטן, שווארצן טוך האט א פארשעמטער זיך ארייגנעגנבעט דער טאָג. פונעם ווינקל פון דער שטוב האט זיך געטראגן א שווערער, כריפענדיקער אטעם, ווי א סקריפ פון אן אלטער, פאר־זשאווערטער זעג. פון ברייטן, הילצערנעם בעט פול אנגעלייגט מיט דעקן, איבער־בעטן און אלטע, צעריסענע וואטענע קאָלדרעס, ווי פון א דערטרונקענער שיף האט נאר ארויסגעשטייגט לאה׳ס קאפ. אירע פארפעדערטע, צעשויבערטע האר, זיינען געלעגן ווילד צעווארפן אויף די רויטע פארפלעקטע ציכן. דאס שווארצע פנים. פון ווינטן און רעגנס צעאקרט. זי איז געלעגן פארזונקען אין אן אפגרונט פון שווערע, מוראדיקע חלומות, פארשטיינערט אין שרעק. מיד ליגן אירע דארע, אָדערדיקע הענט, וואס שעפן דאס געטאָ־צוואות פון פרימארגן ביז נאכט. אונטער איר קאפ, צווישן קישנס באגראבן ליגט א זעקעלע מיט מעל און קארטאָפל, א ביסל פארפל און אייל, איר נויט־ביסן.

דאס שמאלע פאסיקל ליכט, וואס לייגט זיך פאראומערט אויף די נאסע, שימליקע ווענט, קוקט אריין צווישן די צוויי איבערגעבליבענע ברעטער, פון דער פון לאנג פארברענטער שאנק, בלייבט הענגען אויפן יום־טובדיקן אלטן, סאמעטענעם קלייד.

פון די פולע כלים אומריינס טראגט זיך איבערן שטיבל א זויערער געשטאנק, מישט זיך אויס מיטן דומף פון די שמוציקע, פון לאנג נישט גע־וואשענע טעפ. ווי זעלנער איבער א שלאכט־פעלד ליגן צעווארפן איבערן דיל און אין די גריבער פון ליימענעם אויוועלע בראט־שיסלען, פאנען און טעפ פארלאזענע, פארגעסענע. וואלגערן זיך אויף די פענצטער שארבנס פון קריגן, דינע געשליפענע פיסלעך פון יום־טובדיקע בעכערלעך, צעבראכענע גלעזער און טאסן. פון די פארחושכטע מיט שטויב באדעקטע טעלער שיינט נאך ארויס

אן אפגעבלאקעוועט, גאלדן שטרייפעלע, א פארביק בלימל — סימנים פון פארגאנגענעם, כמעט שוין פארגעסענעם לעבן.

אין א הייל פון א מכשפה פארוואנדלען לאה׳ס שטוב די אומגעקערטע טעלער און טעפּ. טריי האבן זיי געדינט לאה׳ן אלע יארן. אין די טעפּ האבן פריידיק געטאנצט פסח׳דיקע קניידלעך, פאמעלעך געדאמפט זיך שבתדיקער צימעס, געקאכט צענדליקער מאכלים, אויף וועלכע נאר לאה איז א בריה געווען. אין די טעפּ האט זיך אפגעשפיגלט איר יום־טובדיק און וואכעדיק פנים. נאר זיי האבן געקענט אירע פארבארגענע חלומות, איר האפענונג און פרייד. אָן זיי האט זיך לאה גארנישט געקאנט פארשטעלן איר לעבן.

ווען עס איז ארויס די גזירה צו פארלאָזן דאס שטעטל, האט לאה קודם־כל גענומען זיך צו פארפאקן די טעפּ מיט די טעלער. יעדן באזונדער ארומגעוויקלט מיט שטרוי, אויסגעסדר׳ט אין קאסטן, פארזיכטיק ארויסגעטראגן אויפן וועגעלע מיט גרעט, אפגעהיט זיי זאלן נישט געשעדיקט ווערן, נישט פארלוירן גיין אין דער גרויסער מהומה. מיט איר פשוטן שכל האט זי פארשטאנען, אז אזוי לאנג איז מען א מענטש, ווי לאנג מען באדארף א טאפּ מיט א טעלער, און ווען דאס איז שוין איבעריק, איז שוין דאס גאנצע לעבן נישט ניחא.

זינט מען איז צו לאה׳ן געקומען מיט דער בשורה, אז איר יחזקאל איז געכאפּט געווארן אויף דער גאס און אויף א פולן וואגן מיט יידן אוועקגעפירט געווארן האט זיך אויף איר א מרה־שחורה געלייגט, ווי א נעפּל, פארדעקט אלץ, וואס טוט זיך ארום.

מיט יארן צוריק האט לאה געזען אין איר שטעטל, ווי צוויי אויסגעפּרעסענע שקצים מיט רויטע קיילער הענט האבן נאכגעיאגט א הונט אין מיטן וועג. געכאפּט אים, ארומגעצויגן א רימען ארום זיין האלדז און ארייינגעשליידערט אין וואגן. לאנג האט אין אירע אויערן געקלונגען דאס וואיען פון הונט. ווען די שכנים האבן לאה׳ן דערציילט ווי יחזקאל איז געלאפן פון טויער צו טויער בעת דער „אבלאווע״, ווי זיי האבן אים געכאפּט און א ווייגענדיקן ארייינגעשליידערט אין וואגן, האט אין איר זכרון שוין אויף שטענדיק זיך אויסגעמישט דער יאמער פון פארפייניקטן הונט מיטן געוויין פון איר מאן, נאכגעפאלגט יעדן טריט, ביינאכט נישט געלאזט צומאכן קיין אויג, פארגעסן אויף א רגע. עס איז נאך דאן א לעבן געווען אין געטאָ, ביידע זין האבן פון טישלער־רעסארט

אהיימגעבראכט פולע טאשן „רומקעס״ *), און אפטמאל א זעקל האלץ, אדער שפּענער. לאה איז אבער מער נישט געווען צווישן די דאיקע. נאר פאר יוצא־זיין יעדן טאג אפגעקאכט פאר שמעונען און לייבישן א ביסל וואַרעמס, פון צייט צו צייט צוגערוימט דאס שטיבל. מיט די געדאנקן אבער האט זי אלץ געוואנדערט מיט איר יחזקאלן אויף פרעמדע וועגן, צווישן פרעמדע מענטשן.

ווען פריער לייביש און שפּעטער שמעון, זענען פארשיקט געווארן אויף ארבעט, איז דאס צו לאה׳ן ווי נישט דערגאנגען. פארשוואונדן איז פון דער שטוב דער שטאלץ פון יחזקאלן, די ליכט פון אירע אמאליקע טעג. ליגן איצט אויף די בענקלעך זייערע מלבושים מיט שטויב באדעקטע — בענקען צו א ווארעמען, מענטשלעכן גוף.

שטיל רינען פון די פייכטע ווענט טרערן, ווי זיי וואלטן באוויינט לאה׳ס בראך.

צווישן צוויי שרעקן ראנגלט זיך לאה׳ס נשמה. די שרעק פארן הונגער און די שרעק פאר א פארשיקונג. זיי האבן זי איינגעשפּאנט אין א וואגן, פארוואנדלט אין א פערד. ווען זי האט צום ערשטן מאל א צי געטאן דעם דישל און א טריט געשטעלט פאראויס האבן פאר אירע אויגן גענומען שווינדלען די מענטשן מיט די הייזער. זי האט דעם קאפּ אראפּגעבייגט צו דער ערד, מער נישט געזען, ווי שטיינער און פיס. א באגאַסענע מיט שווייס האט זי שווייגנדיק גענומען שפּאנען פאראויס און יעדער טראט איז בלוט, בלוט, בלוט!

דעם טאג איז אין לאה׳ן אפּגעשטארבן דאס לעצטע ביסל מענטשלעכקייט. ווי א הונגעריקע חיה וועקט זי זיך יעדן טאָג פון שלאף, ציט ארויף די צעטרעטענע קלומפּעס, וויקלט איין די פיס אין גראבע, וואלענע שאלן, אלטע שקארפּעטן און באטראכט זיי לאנג, זארגעוודיק, צי זיי וועלן קענען מיט־מאכן דעם וויַיטן וועג, טאן דאס זייעריקע.

זי בייסט איבער אין דער פינצטער א שטיקל ברויט מיט מארגארין, טרינקט נאך א ביסל שווארצע קאווע מיט א סאכארינקע און גייט פאמעלעך ארויס פון שטיבל. אין „שמאָלן־געסל״ ווארטן שוין אויף איר צוויי מיידלעך ביים וואגן — א טינדל אויף צוויי רעדער. קיינער זעט נישט די געבויגענע אין צווייען פרוי אין לאנגן כאלאט מיט א שנור ארומגעבונדן. ביי א זייט הענגט א טאפּ א

---

* „רומקעס״ — דאָס יידישע געלט, וואס רומקאָווסקי האט ארויסגעגעבן אין געטא.

פארסמאלעטער, מיט צוואות באשפריצטער, וויגט זיך הין און צוריק, אהין און צוריק. צוזאמען מיטן וואגן מעסט זי אויס די געטא־גאסן און געסלעך איבער רעגנס, ווינטן, שנייען, וואכן, חדשים. ווי א מידער פערד שלעפט זי זיך פאר־נאכט אהיים און דער וועג אויף צוריק ציט זיך און ציט אין דער אומענדלעכקייט.

2

שוין לאנג איז פארביי דער באגינען.

שוין פון לאנג האט אויפגעהערט דאס קלאפן פון די קלומפערס אין ברוק, דאס קלימפערן פון די טעפלעך. לאה האט ווי שטענדיק זיך אויפגעכאפט, נאָר אנשטאט זיך ארויסצוקלייבן פון די דעקן און אויף גיך זיך אנהויבן אנטאן, האט זי זיך פלוצים געגומען ארומקוקן איבערן שטיבל, ווי זי וואלט זיך אויפגעוועקט פון א לאנגן שלאף. נישט געקאנט דערקענען אלץ, וואס געפינט זיך ארום.

אירע אויגן האבן גענומען מעסטן דאס שטיבל, לויפן פון אייוועלע צום טיש און צוריק. ווי זי וואלט זיך באפרייט פון דער טעמפקייט, וואס האט זי ארומגענומען, ווי א פאנצער, דערשטיקט אלע געפילן און געדאנקען. דאס הארץ האט א צאפל געטאן, ווען אירע ליפן האבן עטלעכע מאל איבערגעחזרט:

— איך גיי נישט היינט צום וואגן! איך גיי נישט! זאלן זיי מיך פאר־שיקן... פארטרייבן!... עס איז דאך היינט פרייטיק! מען דארף שבת מאכן... שבת!

ווי מיט א פרעמדע קראפט געטריבן איז זי ארויס פון אונטערן בארג דעקן, אראפגעריסן דאס טוך פון פענצטער און פארקוקט זיך אויף דער גאס.

— דער וואגן איז שוין פון לאנג אוועק — האט זי א צופרידענע באשטעטיקט און עס איז איר אזוי לייכט געווארן, ווי א מאסע, וואס האט זי יארן לאנג צוגעפרעסט, ניט געלאזט אטעמען, וואלט מיטאמאל צערינען, פארשוווּנדן.

— זאלן זיי היינט אליין שעפן, אליין! — האט זי עטלעכע מאל מיט פארביסנקייט איבערגערעדט, ברייט צעעפנדיק דאס פענצטער. צום ערשטן מאל זייט חדשים איז אריין אין שטיבל א פרישער שטראם ריינע לופט. ווי א באנומענע איז לאה געשטאנען פארקוקט אויף די לאנגע פעדים שפינוועבס,

וואָס האָבן באַדעקט די לייסטן פון פענצטער, אַראָפּגעהאָנגען פון באַלקן, פון די ווענט. עס האָט אין לאָהן אַ קאָך געטאָן דאָס פון לאַנג פאַרשלאָפענע בלוט און מיטאַמאָל האָט זי אין זיך דערפילט נייע, פרישע כוחות. גענומען זיך צו טרייסלען די קישנס, די דעקן. אַזוי לאַנג געגישטערט אין די זעק, ביז זי האָט געפונען אַ ריינעם לאַקן און פאַרדעקט מיט אים דאָס בעט. צוזאַמענגעשאַרט די בערג מיסט און אַש אין פולע עמערס אַראָפּגעטראָגן אויפן הויף. מיט דעם ברען פון אַמאָליקע יאָרן האָט זי זיך גענומען שייערן די טעפּ, ברומענדיק פאַרדראָסיק:

— ווי אַזוי איז דאָס אַלץ אַזוי פאַרלאָזן געוואָרן, פאַרוויסט? וווּ בין איך געווען, אַז איך האָב עס צוגעלאָזט? — האָט זי זיך געוווּנדערט.

די האַרבסטיקע זון האָט זיך מיט גאָלדענע פּאַסן געלייגט אויף די ווענט און אַראָפּגעלאָכט צו לאָהן בעת זי האָט געשייערט דעם שוואַרצן, בלאַטיקן דיל. איר פּנים האָט זיך צעשטראַלט, ווען זי האָט אין די געמאָלענע ריבן מיט פּיעט־רישקע דערפילט דעם טעם פון שבתדיקע פיש. לייכטן די טעפּלעך פון אייוועלע. קאָכן זיך אין זיי קאַרטאָפל־זופּ מיט פאַרפל, פלייש־קאָלן פון געמאָלענע גרויפּן מיט פעפער צוגעריכט. דאָס פייערל אויפן אויוון פילט אָן די שטוב מיט אַ היימישע וואַרעמקייט. זינגען די טעפּלעך דעם ערב־שבת ניגון. פון לעצטן ביסל מעל קנעט זי אַ חלה־בולקע און קוקט אַריין אין אייוועלע אַ פאַרזאָרגטע:

— צי וועלן זיי נאָר געראָטן? די פּליטע איז פאַרזשאַווערט, דער אויוון פאַרטשאַדעט...

דאָס ברעט פון דער שאַנק איז צעהאַקט געוואָרן אויף שפּענער, אויפ־געגעסן פון פייער, צעגליט די פּליטע, דערוועקט אין לאָהן זכרונות פון פאַר־גאַנגענע שבתים, יום־טובים. דאָס וויינענדיקע קול פון יחזקאלן, וואָס האָט זי פאַרפאָלגט פון דעם טאָג, וואָס די דייטשן האָבן אים פאַרשיקט, האָט זיך גע־שטילט, פאַרגאַנגען. איצט הערט זי בפירוש יחזקאלס ערב־שבת־ניגון, וואָס ער אַליין האָט צוגעטראַכט, אַט זעט זי אים שפּאַנען איבער דער שוין שבת׳דיקער שטוב וואַרטנדיק אויפן ליכט־בענטשן.

אין קאַסטן מיט שמוציקע וועש האָט זי געפונען אַ קנויל פון באַוול, צווערן און וואָל, און ווי זי וואָלט שוין דאָס אַ סך מאָל געמאַכט, גענומען פלעכטן צוויי קנייטלעך. איצט זיצט זי מנוחה׳דיק ביים טיש. אָפּגעוואַשן, אָפּגעפרישט,

די האר פארקעמט, מיטן אלטן זיידענעם שלייער אויפן קאפ. נישט צו דער־קענען איז זי אין דעם אלטן סאמעטענעם קלייד. אויף איר שויס ליגט א געלער צעקנייטשטער סידור. אנשטאט אויף די אותיות קוקט זי אויפן קליינעם אומעטיקן פלעמל פון די צוויי קנייטלעך איינגעטונקענע אין בעכערלעך מיט אייל און מורמלט א שולדיקע:

— שבת, מיין שבת, איך האב דיך פארגעסן צו גיך.

וואס וואלט יחזקאל געזאגט, ווען ער קומט אהיים און טרעפט אזא מושב, ווי עס איז געווען ביז איצט. אזא לעבן... אָן א שבת, אָן א יום־טוב! אוודאי וועט ער קומען! נישט איין מאל האט ער דעם דייטש אפגענארט; און לייבוש מיט שמעונען, אוודאי און אוודאי! זיי וועלן זיך שוין אָן עצה געבן! ווי דען? אלע זענען מיך דאך שטענדיק מקנא געווען מיט די זין! אזעלכע צוויי ביימער אזעלכע ריזן!...

איר פנים האט זיך באדעקט מיט א ליבלעכן שמייכל, ווי זי וואלט זיי ווידער געזען אומבאהאלפן רוקן זיך איבערן דיל, שטעלן די ערשטע טריט. זי איז מיט די געדאנקען אוועק צוריק אין איר שטעטל, וו זי איז נאך געווען א מענטש, געהאט א היים, א שטיל רואיק לעבן.

בייגן זיך די קנייטלעך, ווי דאס לעבן וואלט פון זיי אויסגעגאנגען. לאזן אראפ די קעפלעך, מיט א ציטערדיקן פלאם קוים ברענען.

פלוצים מאכט זיך אויף די טיר און א פארגאפטע בלייבט רבקה, די שכנה, אויף דער שוועל. דאס קליינע פלעמל פון די שבת־ליכטלעך גייט אויף פאר איר ווי א גרויסע ליכטיקייט. זי קוקט אויף לאה׳ס שיינענדיק פנים און עס דאכט זיך איר, אז אויף לאהן רוט די שכינה. שווייגנדיק באטראכט זי דעם ווייס־געדעקטן טיש, די „חלה" מיט א ציכטיק טישטעכל פארדעקט, די „פיש" מיט רויטע מערעלעך פארפוצט, די אנגעשטעלטע טעלערלעך, ווי זי וואלט זיך געריכט אויף געסט, וואס מיט יעדע רגע קאָנען אָנקומען.

רבקה וויל פרעגן וואס פארא נס איז אין דער שטוב געשען, נאָר מיטאמאל איז זי נישט דרייסט צו לאה׳ן געווארן. א פארשעמטע האט זי זיך אוועקגעזעצט ביים שבת׳דיקן טיש און שטיל גענומען דערציילן:

— לאה, איר האט געהערט מסתמא פון דער נייע ראציע? א ראציע פון כל־טוב! צוקער און האָניק, אייל און קארטאפל! פינף קילאָ קארטאפל!

א שאד נאָר, וואס עס איז א שטיך־טאג... כאטש איין מאל וועט מען קאָנען עסן צו דער זעט.

לאה'ס ליפּן גיבן א ציטער, זי וויל פרעגן און וואגט נישט. אירע אויגן קוקן הילפלאָז אויף רבקהן:

— וואס טייטש ?! וואס... מיינט איר דערמיט צו זאגן ?

— ווי דען, דער דייטש וועט די יידן אומזיסט געבן קארטאפל ? ווער איז היינט, פּרייטיק, נישט געווען ביי דער ארבעט, וועט זיי נישט... באקומען — זאגט רבקה אָן די לעצטע גזירה און בלייבט שווייגן, ווי זי וואלט באדויערט, וואס זי האט עס געמוזט אנזאגן. נאך א רגע באוואונדערט זי די זויבערע ווארעמע שטוב, און גייט צוריק צו איר וואכעדיקייט. צו אירן פול מיט גרעט אנגעשטעלטן, חושכן, בוידעם־ווינקל.

בלייבט לאה ביים טיש מיטן סידור אין דער האנט א פארצווייפלטע, דערשלאָגענע. אירע אויגן ווערן מאט און אויסגעלאשן, שטום קוקן זיך ארום איבערן פוסטן שטיבל, פארהאלטן אויפן לעצטן ברעט פון דער שאנק און רופט זיך אָן מיט כעס:

— א שבת האט זיך מיר פארוואָלט! שבת...

די גאנצע נאכט איז זי ביים טיש געזעסן מיט פארבראָכענע הענט, ווי א מת באוויינט די קארטאפל.

באגינען איז זי אראפּ פון די טרעפּ, ווי זי האט נאָר דערהערט דעם סקריפּ פון אויפגעמאכטן טויער. די ערשטע ארויס אויף דער נאָך פּיצטערער גאס. אין דער שטילקייט האבן זיך געטראגן אירע קלאָגעדיקע רייד:

— קבורה־וואגן, מיין קבורה־וואגן, אט גיי איך צו דיר ווידער... איך גיי... איך וועל דיך ווייטער ציען און שלעפּן... ביז איך וועל פאלן ווי א פערד ביי די רעדער... ביז מען וועט מיך אוועקפירן א פארסמטע. א טויטע!... אָ...

# גורל שוועסטער

1

זייביידע זענען די לעצטע ארויס פון הויז בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ. ווי קיינמאל איבער אלע געטאָ־יאָרן האט זיך אין זיי איינגעבאקן דער גלויבן אין אַן אויסערגעוויינלעכן נס, וואס וועט נישט צולאזן צו א נייעם בע־ װנד. זיצנדיק ביים פענצטער האבן זיי ארויסגעקוקט מיט גרויס רחמנות אויף די שכנים, וואס האבן איינציקווייז, ווער נאך מיט א משפחה, ווער אליין, פארלאזן זייערע וווינונגען.

— א שרעק האט זיי באנומען... אבי מען לויפט, וואו קאָן מען דען אנטלויפן? פון איין גאס אויף דער צווייטער? — האט אומעטיק גערעדט די אדלערן, די פאריתומטע מאמע נאך פינף קינדער, צו דער דאָקטאָרין מינץ, וועלכע זי האט אריינגענומען צו זיך אין דער שטוב, נאך זייער אלעמענס טויט.

די מינצן, די פרוי פונעם בארימטן לאָדזשער דאָקטאָר, וואס איז געפאלן אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, אויפן וועג נאך ווארשע, איז בטבע געווען א שווייגנדיקע, גערעדט מיט קורצע, לאנג אדורכגעטראכטע ווערטער. דאס מאל, ווי אלע מאל, האט זי נאָר א קוק געטאָן אויף די אדלערן מיט א ליבלעכן, שוועסטערלעכן בליק און אין זיך א טראכט געטאן:

— איך וועל אין ערגעץ נישט גיין...

די שכנים האבן זיך געוווּנדערט מיט וואס פאר א כוח זי האט זיך געהאלטן ביי איר באשלוס. מאנכע האבן פארן אוועקגיין אריינגעבראכט די בעסערע טישטעכער, די לייכטער און זילבערנע לעפל צו באהאלטן, ווינטשנדיק איר מיט א ציטערדיקער שטים:

— מיר זאלן זיך טרעפן אין פריידן... דערווייל האלט עס ביי זיך...

— פאַרוואָס האָט איר עס נישט פאַרקויפט? — פלעגט זיך אָנבייזערן די דאָקטאָרין. — איר וואָלט נאָך געהאַט אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ ברויט!

— עס וועט נאָך זיין אַ וועלט... מירן עס נאָך באַדאַרפן — האָבן איר פול מיט בטחון אָפגעענטפערט די ווייבער און מיט געוויין געזעגנט זיך, גע־ווונטשן וואָס גיכער זען „זייער" וויסטן בראָך, אַ מגפה, וואָס וועט „זיי" אַלע אָפּרוימען פון דער ערד.

שווייגנדיק זענען די ערשטע שכנים אַוועק פון הויז, ווי זיי וואָלטן זיך געריכט באַלד צוריקצוקומען, אויפסניי צעלייגן די זאַכן אין די שענק, אַלץ איינאָרדענען, ווי עס איז געווען, און אָנהויבן ווידער דאָס לעבן פון אַמאָל.

היינט גייט שוין יעדער אַוועק אַליין — האָט די מינצן געטראַכט. נאָר ביי די ערשטע „אַקציעס", ווען עמיצער איז אַוועק פון די שכנים, איז דער הויף צעטראָגן געוואָרן פון געוויין און יללות. זי האָט זיך אַליין פאַרוווּנדערט, ווי אַזוי זענען איר אויפן געדאַנק געקומען הונגעריקע חיות, וואָס לאָזן זיך מחנותווייז אויף פרעמדע מקומות צו זוכן פרישע חיונה.

מיט די ערשטע איז אַוועק דער פּערטער שטאָק, די אָרעמקייט פון הויז, די אויסגעוואָרצלטע פון די אָרעמיקע שטעטלעך. זיי אַלע האָבן געוווינט אין די קליינע שטיבעלעך, ווי קעמערלעך, נאָך די בעל־מלאכות, פאַרשיקטע אויף אַרבעט. אין אַ שטומען צוג האָבן זיי געצויגן איבערן הויף.

ווי אַן אָנפירער פון דער עדה האָט זיך געשטעלט אַן אַלטער איינגע־הויקערטער ייד, מיט אַ שטעקן אין דער האַנט, מיט דעם תפילין־זאַק אונטערן אָרעם און אַ זעקעלע מיט תכריכים אויפן האַלדז. עס זענען אים נאָכגעגאַנגען אַ פּרוי מיט צוויי ייִנגלעך פאַר דער האַנט, עטלעכע וואַקס־געלע בחורים מיט הומשלעך אין די טאַשן, צוויי מענער מיט אַ האַלבגוססדיקער מאַמע אונטערן אָרעם, אַ פּאָר מיידלעך בלאַסע, פאַרוויינטע.

קיינער פון הויף האָט זיי כמעט נישט געקענט, זייערע פּנימער נישט אונ־טערשיידט. זיי אַלע זענען געווען אַזוי אייגן גרין און פאַרדאַרט. באַגינען האָבן ייי זיך אַרויסגעשאַרט צו דער אַרבעט, ביינאַכט גיך פאַרשוווּנדן אויף די טרעפּ. איצט לייענט די אַדלערן מיט די מינצן זייערע נעמען פון די רוקזעק אויף זייערע פּלייצעס, פון די אַנצוגלעך פון די דערשראָקענע, פאַרציטערטע קינדער, און זען פאַר זיך די לעצטע פון די פאַרשניטענע יידישע שטעטלעך.

באלד נאך זיי איז אוועק די „דייטשקע" מיט דער טאָכטער. די צוויי פרויען ביים פענצטער קוקן זיך איבער אָן ווערטער, זעענדיק ווי אומבאהאלפן די מאמע טוליעט זיך צום יונגן, שלאנקן מיידל, ווי געוואלט אין איר אננעמען כוח אויפן נייעם פרעמדן וועג.

זיי ווארטן נישט אויף קיין ניסים. די מאמע און טאָכטער קענען די קראפט פון דייטשן באפעל און הילפלאז געבן זיי אונטער זייערע קעפ. אויף די פלייצעס טראגן זיי די זעלבע קליינע רוקזעקלעך. מיט וועלכע זיי זענען אין געטאָ געקומען. נאָר זייערע גופים זענען מער איינגעפאלן, פארטריקנט געווארן. זייערע קעפ זענען נידעריק אראפגעהאנגען, ווי זיי וואלטן נישט געקאנט פארנעמען די ליכטיקייט פון טאג. מיט האס פארלאזן זיי דאס געטא, דאס אָרט פון זייער דערנידעריקונג און היימלאָזיקייט. ווי א ווייטער חלום גייט זיי נאך די דערמאָנונג פון זייער פארלוירענער, געשענדעטער היים.

אָט גייט אוועק דער שוחט מיט זיין פרוי און קינדער. די גאנצע נאכט האט ער תהילים געזאגט. דורכן אפענעם פענצטערל האט זיך איבערן הויף געטראגן זיין פארבענקטער ניגון:

...מן המיצר קראתי יה!...

איצט קוקן זיינע פענצטער אויס די ווייט מיט פוסטע אויגן־לעכער; איבער דער שטוב טראגט זיך א ווינט, שלאָגט מיטן קאפ אין וואנט, וואלגערט זיך אויף דער ערד, גייט אויס פאר ווייי אויף די פוסטע, צעווארפענע בעטן.

מיטאמאל האבן זיך גענומען פונאנדערגיין די שכנים פון אלע טיילן פון הויז. אדורכגעצויגן ווי א שווארצע כמאַרע, אנגעפילט די לופט מיט א ליאַרעם, א בהלה, ווי א פארפלייצונג וואלט זיך גענומען אויסשפרייטן פאר זיי, ס'וואסער דערגיין ביז צום האלז.

די מינצן מיט די אדלערין, זעענדיק די אנטלויפענדיקע מענער און פרויען מיט די קינדער אויף די הענט און אויף די פלייצעס, האבן פארלוירן זייער זיכערקייט. פאר זייערע אויגן הייבן אָן צו שווינדלען די מענטשן מיט די הייזער, עס דאכט זיך זיי ביידע, אז די ערד רוקט זיך נאך נאך די אנטלויפנ־דיקע און באלד וועט זיך פאר זיי עפענען א פוסטער, פינצטערער חלל.

— אלץ אנטלויפט, מיר בלייבן אליין — רופט אויס פארצווייפלט די אדלערין.

— אַליין! — זאָגט מיט אַ מאָדנער פעסטקייט אין דער שטימע די דאָקטערין און האַקט אָפּ.

— אויף וואָס וואַרט איר דאָ? — שרייען אַריין די מענער, באַלאָדענע מיט זעק און פּעק, ווי קעמלען וואָס לאָזן זיך אין אַ ווייטן וואַנדער. — קומט, קומט! דער דייטש וועט דאָ קיינעם נישט לאָזן! אַלע יידן גייען!

ביידע פרויען האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן געזאָגט:

— ווען עס איז נאַכט, איז אומעטום פינצטער... אונדז וועט מען גאַרנישט טאָן, מיר זענען פרויען, אַלטע...

אַמשווערסטן אין דאָס אוועקגיין אָנגעקומען דעם אַלמן פון דריטן שטאָק, הגם זיין טייל הויז איז שוין כמעט ליידיק געווען, האָט ער זיך נאָך אַלץ געראַנגלט מיט זיך.

צוויי זאַכן האָבן אים אָפּגעהאַלטן פון וועג:

דאָס פינפיעריקע מיידעלע, וואָס איז פון אַלע זיינע קינדער געבליבן, און דאָס שטיקל פעלד, וואָס ער האָט זיך אויפן הויף פאַרזייט.

דאָס מיידעלע פאַרשטייט שוין פון די צוגעהערטע רייד, אַז דער דייטש וויל מער די יידן נישט האָבן, און זעענדיק ווי וואָס אַמאָל אַנדערע שכנים פאַרלאָזן דעם הויף, פרעגט זי פול מיט קינדישן אומרו:

— ווּ גייען אַלע? ווען וועלן מיר אויך גיין?

יעדעס מאָל, ווען זי גייט אַרויף אויפן דריטן שטאָק און זעט די שלעסער אויף אַלע טירן, הערט אין דער שטילקייט, ווי עס הילכן אָפּ אירע טריט אויף די טרעפּ, הייבט זי אָן צו לויפן, אַז אָטעם, פאַלט אַריין אין דער שטוב און באַלד נעמט זי בעטן:

— טאַטעשי, לאָמיר אַראָפּגיין אויפן הויף, איך האָב מורא...

דער אַלמן גייט אַלץ אַרום אַרום דעם פאַרזייטן שטיקל פעלד, ווי תמיד באַגיסט ער די בייטן מיט דער גרויסער שעפּ, וואָס ער האָט אַדורכגעלעכערט ווי אַ זיפּ, דאָס וואַסער זאָל די צווייגלעך נישט צעברעכן, באַטראַכט מיט נחת די גרינע, זאַפטיקע אוגערקעס, און טענהט איין מיט די מענער, וואָס דרייען זיך אַרום פאַרלוירענע אויפן הויף:

— איר זעט די קאַרטאָפל, די בורקעס? מען וואָלט נאָך געקאָנט דאָ בלייבן, אויסוואַרטן די צייט... עס וועט דאָך אַמאָל מוזן אַ סוף נעמען!

די צעבליטע בייטן האָבן אים געהאַלטן מיט אַ מאָדנער קראַפט, וועלכע ער אַליין האָט נישט באַנומען. געגעבן האָפענונג און אויסדויער. פאַר זיינע אויגן איז דאָס געבנדיקע געסל אויסגעליידיקט געוואָרן; שוין פון דער פרי האָט זיך אָנגעהויבן ציען אַ צוג פון די הייזער, טראָגן אַ טראַסקעריי פון די קלומפּעס און שוין פאַרנאַכט האָט אַזאַ טויטן־שטילקייט געוויִיעט פון געסל ווי קיין מענטש וואָלט דאָרט קיינמאָל קיין שטיין נישט באַטרעטן. דער אַלמן איז נאָך אַלץ מיטן קינד אויף דער שויס געזעסן אויפן שטיין נעבן זיין פעלד, געראַנגלט זיך מיט דער דעה:

— גיין... אָדער בלייבן?

דער בונדיסט חיים פלעגט שטענדיק פון אים אָפּלאַכן, חוזקן:

— ווען אַזאַ ייִד, ווי איר, פאָרט קיין פּאַלעסטינע און נעמט מיט זיך אַזאַ שטיקל פיינע ערד, וואָלט איר דאָרט געהאַט אַ פאַרזיכערטן מאָרגן. ער שטייט איצט נעבן דעם אַלמן אַ פּאַראָומערטער, אַ שווייגנדיקער, ווי ער וואָלט באַדויערט זיין מי.

ער האָט שוין אַלע זיינע זאַכן פאַרפּאַקט און קאָן נישט באַשליסן וואָס צו טאָן. ער איז דאָך דער איינציקער, וואָס איז אין דער היים געבליבן, זאָל ער איצט אַוועקגיין, אַלץ לאָזן אויף הפקר? די „רויטע אַרמיי" איז דאָך אונטער וואַרשע! נאָר איין חודש אויסוואַרטן און אפשר נאָך ווייניקער:... שוין אַזוי נאָענט צו דער באַפרייאונג!

חברים האָבן געזאָלט קומען, באַטראַכטן וואָס צו טאָן, און מען זעט נישט קיינעם. וואָס האָט געקאָנט געשען אין יענע גאַסן? אפשר גיין אַ קוק טאָן וואָס טוט זיך פון יענער זייט בריק.

דעם צווייטן טאָג איז שמואל, דער טרעגער פון דער „ווייסער גוואַרדיע", אַריינגעפאָרן אויפן הויף מיט פערד און וואָגן, מיטגענומען דאָס גאַנצע באַלעבאַ־טישקייט און אַוועק מיט דער פרוי און קינדער. די איבערגעבליבענע שכנים, זעענדיק, אַז שמואל דער טרעגער איז שוין אויך אַוועק, האָבן פאַרלוירן ס'לעצטע ביסל האָפענונג. עס איז פאַר אַלע קלאָר געוואָרן, אַז אויב שמואל טרעגער איז

שוין אויך אַוועק, אַז אין געטאָ שוין נישטאָ אויף וואָס צו וואַרטן. ביז פאַרנאַכט איז אַוועק חיים מיט די איבעריקע שכנים.

פרימאָרגן האָט דער אַלמן אָנגעקלאַפּט צו דער אַדלערין אין פענצטער. די צוויי פרויען, וואָס זענען די גאַנצע נאַכט געלעגן אין דרימל, ווי פאַרגליווערטע, האָבן זיך אויפגעכאַפּט, צו צום פענצטער, דערזען דעם אַלמן אַ פאַרוויינטן מיט אַן אויסגעצויגן, געגרינצלט פּנים, מיטן מיידעלע אויף דער האַנט, קוים דערהערט זיין שטים:

— איך גיי אַוועק... קיינער איז שוין נישטאָ! כאַפּט אַ בליק אויף מיין שטוב... עסט אויף אַלץ, וואָס איז אויפן פעלד געבליבן...

מיט טריבע, פאַרלאָפענע אויגן האָבן זיי ביידע אַרומגענומען דאָס מיידעלע, וואָס האָט זיך געטוליעט צום טאַטנס האַלדז אַ פאַרשלאָפענע, דאָס זעקל גרינס, וואָס האָט זיך געוויגט אויף זיין פּלייצע און שטום אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זיי וואָלטן נישט געקאָנט פון זיך אַרויסברענגען קיין וואָרט.

לאַנג האָבן זיי נאָכגעקוקט זיינע פּאַמעלעכע טריט און צוריקגעגאַנגען אין די בעטן.

2

זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט ווי לאַנג זיי זענען אַזוי געלעגן. דער זייגער אויף דער וואַנט האָט שוין לאַנג אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. די שטאַרקע, האַרבסטיקע זון האָט מיט אַ ים פון ליכטיקייט פאַרגאָסן די שטוב, מיט גאָלדענע שטראַלן אויסגעפּילט יעדעס ווינקעלע, ביז ווייטיק צעברענט זייערע מידע, פאַרשמאַכטע פּנימער. פון הויף האָט זיך געטראָגן אַן אימהדיקע שטילקייט. יעדער שאָרך האָט מיט אַ טיפן עכאָ אָפּגעהילכט איבער דער שטוב. אַרום — קיין צייכן פון אַ לעבעדיקן נפש. אפילו דער ווינט איז ערגעץ אַוועק, רירט נישט קיין בלעטל אויף די רייפע, געוואַקסענע בייטן.

דער אַדלערינס האַרץ האָט אַ צאַפּל געטאָן איינגעמענדיק די שטילקייט. מיט שרעק גענומען טראַכטן וועגן מאָרגן. וואַקסט פאַר איר אויס דאָס געשפּענסט פון די שיכורע ס.ס.־זעלנער, וואָס וועלן זיך לאָזן ווי אַ היישעריק איבער די יידישע הייזלעך, צוזאַמענגעמען אַלץ וואָס איז געבליבן, זוכן גאָלד! באַלד וועלן זיי דאָ קומען! — הייבט אָן צו זעצן וואָס אַמאָל שטאַרקער איר האַרץ. זי זעט שוין זיי אויפן הויף, הערט דאָס קלאַפּן פון זייערע פּעסטע,

זעלנערישע שטיוול. יאָ, זיי קומען שוין אָן! וועלן אונדז געפינען, שיסן אויפן אָרט! א קאלטער שווייס האט זי באגאסן. זי האט זיך קוים דערהויבן צו צו דער טיר, פארריגלט זי און פארקייטלט. פארהאנגען די פענצטער מיט גראבע טיכער און פאמעלעך, שארנדיק זיך, קיינער זאל אירע טריט נישט דערהערן, צוריק אריין אין בעט. ס'האט זיך געצויגן א שעה נאך א שעה און זיי האט זיך געדאכט, אז שוין הונדערטער יארן זענען דורך.

מיטאמאל האט זיך אין דער פינצטער דערהערט א פארחלשט קול פון דער מינצן:

— איך וועל אויפמאכן דאס פענצטער, אלץ איינס, מען קאָן נישט אנטלויפן פון גורל...

די ערשטע איז אויפגעשטאנען די אדלערן, גענומען זיך דרייען איבער דער שטוב, ווי א צעחושטע ארומגעקוקט זיך ארום, ווי פלוצים וואלטן איר די אייגענע ווענט פרעמד געווארן. צוזאמענגענומען פון דער שאנק די רעשטלעך פון לעצטן ברויט, צוגעגרייט עפעס צום איבערבייסן. שטום האט אויף איר געקוקט די מינצן. דער געראנגל, וואס האט זייט חדשים צעריסן איר נשמה איז רייף געווארן, נאָר אירע פארביסענע ליפן האבן געשוויגן. באלד האט אויך זי זיך דערהויבן, גענומען ארומשלייכן איבער דער שטוב. דאס עסן איז נישט באריהרט געווארן. די שטילקייט האט געשטיקט אין האלז, אָפגענומען דאס לשון. זיי זענען ארויס אויפן הויף. ווי דערשראקענע קינדער זיך גענומען פאר די הענט און אנגעהויבן ארומגיין לענגאויס די פוסטע מויערן. עס איז שוין לאנג אדורך די צייט, ווען זיי זענען אפגעזעסן שעהן לאנג לעבן זיך און אויסדערציילט אלץ פון זייער לעבן, זייערע היימען, מענער און קינדער. אפט פלעגן זיי די זעלבע זכרונות איבערדערציילן עטלעכע מאל, און יעדעס מאל איז פאר זיי ווידער אויפגעגאנגען די פרייד פון פארגאנגענעם יום־טוב, שימחות ליכטיקע מיט די צעשטראלטע קינדער ביי די ווייס־געדעקטע טישן. יעדעס מאל האבן זיי ווידער אלע ארום זיך געזען, ווי א שטורעם וואלט זיי נישט אפגעקערט פון דער ערד. איצט קאָן שוין איינע דאס לעבן פון דער צווייטער, ווי איר אייגנס. דאס יאר, וואס זיי ווינען צוזאמען האט זיי אזוי צונויפגעקניפט, אז זיי זענען ווי איין גוף געווארן. אפילו דאס רעדן איז ביי זיי געווארן אָן איבעריקע זאך. און אפשר האבן זיי מורא באקומען פאר דעם עכאָ, וואס האט יעדעס ווארט צעטראגן איבערן הויף מיט א גרוליקן געוואוי.

די אדלערן, א קליינוויקסיקע, א שווארצחנעוודיקע, מיט סימנים פון נישט לאנג פארגאנגענער שיינקייט, אין איר ברייטן קלייד, וואס הענגט אראפ פון איר אפגעדארטן קערפער, האלט פעסט די מינצן, וואס איז מיט א קאפ העכער פון איר. אין לאנגן שווארצן קלייד, וואס זי טראגט אלס שטענדיקן טרויער נאך איר מאַן און קינדער, זעט זי אויס נאך העכער און דארער. זי רוקט זיך איבער די שטיינער ווי א מוראדיקער שאָטן אין דעם ליכטיקן סעפּ־טעמבער טאג. זיי ביידע שפּאנען פּאמעלעך, קוקן זיך ארום אין אלע זייטן, ווי זיי וואלטן נישט געקאנט גלויבן אין דעם חורבן. מיט אויסגעזעצטע אויגן קוקן זיי אריין אין די פּוסטע שטובן, זעען די צעווארפענע טעפּ און כלים אויף די דילן, די ארויסגעשליידערטע קישנס, די צעפּראלטע שענק, וואס, דאכט זיך, שרייען מיט אויפגעריסענע מיילער צו דעם רואיקן, מילכיקן הימל, צו דער תמע־וואַטער, לייכטנדיקער זון.

אט איז די שטוב, ווו עס פלעגט זיך צוזאמענעמען דאס יונגוואַרג פון געטא, אריינבערענגען אין די שטילע, אומעטיקע פארנאכטן דעם פריילעכן טומל פון יונגע געמיטער, פון צאפּלדיקע הערצער, וואס קלאפּן מיט גלויבן אין מארגן. עס דאכט זיך, אז אין דער לופט הענגט נאך זייער פארבענקטער ניגון: „ואולי לא היו הדברים מעולם״...

קוקן זיך איבער פענצטער מיט פענצטער, בענקן צו א מענטשלעכן געשטאלט. פּאמעלעך און שטיל שארן די צוויי פרויען איבער די שטיינער, ווי זיי וואלטן מורא געהאט צו צערייסן די שטילקייט. פארהאלטן ביים פענצטער, וואו עס האט געוווינט חיימל דער שניידער, וואס תמיד זענען אים די באשטעלערס אפגעשטארבן איידער די מלבושים זענען אויפגענייט געווארן. שטאַרן אויף די ווענט איינצלנע ארבל, ליגן צעווארפן אויפן טישל טיילן פון רעקלעך, פון הויזן, ווי הענט און פיס אויף א שלאכט־פעלד. גייט פאר זיי אויף חיימלס לעבן, דעם לעצטן פון זיין משפחה, פון פיר דורות שניידער. זיי זעען אים ווידער אין די קאַלטע פארנאכטן, ביים בלאסן שיין פונעם נאפט לעמפּל ציען דעם פאָדעם, הערן זיין הוילן טרוקענעם הוסט.

— איז ער שוין נישטאָ? איז שוין קיינער נישטאָ? איז דאס אלץ אַן אמת?

אזוי ווי קיין דייטש האט זיך אויפן הויף נישט באוויזן, איז זייער שרעק פּאמעלעך פארגאנגען. אזוי ווי עס האט נאָר אנגעהויבן צו גרויען דער טאג, זענען זיי ארויס אויפן הויף און שעהן לאנג אפּגעשטאנען ביי יעדן פענצטער,

ווי ביי א נאָענטן קבר אויף א בית־עולם. יעדע שטוב איז געוואָרן א טייל פון זייער לעבן, און אריינקוקנדיק אין זיי, האָבן ביידע טיף אין הארצן געגלויבט, אז מיטאמאל וועט עמעצער ארויס פון א קעלער, פון אונטער א קאסטן, צו צום פענסטער און מיט שמחה דערלאַנגען א האַנט:

— גאָט צו דאַנקען, געראַטעוועט זיך!

עס ווייזט זיך אָבער נישט קיינער. אלע זענען אנטלאָפן, ווי פון א מגפה, און איינציקווייז זענען אין זייער זכרון צעריבען די פנימער פון די שכנים, ווי זיי וואָלטן קיינמאָל נישט געווען. נאָר דאס פענצטער פונעם מאַלער קריגער איז געבליבן דאס איינציקע אָרט, וווּ זיי האָבן נאָך געפילט דעם אָטעם פון לעבן. דער מאָלער קריגער, וואָס האָט געגרייט בילדער צום „משפט פון דער וועלט", איז געווען א מענטש א פינקטלעכער, א זויבערער. זיין שטוב אליין האָט אויסגעזען ווי א בילד, דאס בלומען־טעפּל אויפן טיש, די שפּיגל־פינקלדיקע פענצטער, האָבן זיי א ביסל אויפגעמונטערט, געגעבן א פונק האָפענונג, ווי א שמייכל פון א גוסס. זיי קוקן אריין אין די קלאָרע, ווי ערשט וואָס געפוצטע שויבן, און זעען ווידער דאס גאַנצע געטאָ א לעבעדיקס, ווי עס איז נישט לאַנג געווען. זייערע אויגן רוקן זיך אַדורך פון איין בילדל צום צווייטן און פאַהאַלטן זיך ביים קליינעם בילדל אין א שוואַרצער ראַם: „אַ ריי"...

— א צונויפגעקנוילטער המון, קוים זעט זיך א פנים פון א מענטשן, ווי א וואַנט שטייען זיי צוגעשמידט צו א מויער, קלאַמערן זיך צו א קליינעם, האַלב־אָפענעם פענצטערל; לעבן שטייט א צעשויבערטע, אויסגעקנאָדערטע יידענע מיט א לאַבן ברויט אין דער האַנט.

— פונקט אזוי איז עס געווען — רופט זיך אָן די אדלערן — מיטן טויט איז אנגעקומען דער ביסן...

די מינצן האָט זיך פאַרקוקט אויפן בילדל: „די בריק".

וואַקסן פאַר איר אויס טרעפּ, טרעפּ, הויך ארויף, מענטשן איינגעבויגענע, קליינע ווי פּינטעלעך, רוקן זיך ארויף, שפּאַנען, קריכן, שאַרן זיך. זי ווערט אויפגעציטערט, דערמאָנענדיק ווידער די בריק. ווי אויף א באַרג האָט זי שטענדיק איבער אירע טרעפּ געקלעטערט, און יעדעס מאָל האָט פאַר איר א בלענד געטאָן די שטאָט: די אויסגעפוצטע דייטשקעס מיט זייערע זאַטע אויסגעגעסענע קינדער. די ברויטן העלע ווי די זון אין די שוי־פענצטער, די פולע זעק מיט קאַרטאָפל! אראָפּקוקנדיק פון דער בריק האָט זי שטענדיק געטראַכט,

ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אין דער זעלבער שטאָט זאָלן אויף איין גאַס מענטשן קלייבן פון די מיסטקאַסטנס און אויף דער צווייטער אַזאַ שפע פון אַלעמען? די בריק האָט זי שטענדיק צערודערט, צעריסן איר האַרץ, דערמאַנט אָן איר היים, וואָס איז געבליבן דאָרט, אויף איינער פון די גאַסן; אין דער היים, ווען זי איז געווען די פרוי פונעם באַרימטן דאָקטאָר מינץ! אין איר לעבן, וואָס ווייזט זיך איר איצט אויס, ווי אַ חלום. זי אַנטלויפט פון דעם בילד, ווי תמיד יענע טעג, ווען זי איז אַרומגעגאַנגען אַרום דעם געטאָ, כדי די בריק נישט צו באַטרעטן. זי בלייבט אַ באַנומענע ביים בילד „די פּעקאַליע פרוי" און הייבט זיך אָן צו וווּנדערן, ווי אַזוי האָבן די דאַרע, פאַרטריקנטע געטאָ פרויען געקאָנט גיין אין אַזאַ שפּאַן? זי קוקט אויף דער איינגעבויגענער אין צווייען פרוי ביים וואָגן צוזאַמען און גיט אַ שמייכל צו איר דאָרן, אָבער שטאָלצן פּנים און אויגן פול מיט נקמה... נקמה, חזרט זי שטיל אין זיך.

איבערן קאָפּ פון דער „פּעקאַליע פרוי" הענגט אַ פאַרכמאַרעטער הימל, נאָר פון אונטער די וואָלקנס, ווי אַן אויסגעבערענט שבת־ליכטל שיינט אַרויס אַ בלאַסער זונען־שטראַל.

ווייטער געטאָ־הייזער שמוציקע, איינגעפאַלענע, קינדער האַלבנאַקעטע, באָרוועסע און פון אונטער די שאַרבנס און אַלטוואַרג, פון צווישן מיסט און קויט הייבן אַרויס די קעפּלעך גרינע, זאַפטיקע גראָזן.

— אַזוי איז עס שטענדיק געווען — טראַכט די מינצן אומעטיק. אין אַלע צייטן געווען נאָך אַ ביסל האָפענונג, ווי דער העלער שטראַל פון דער טיף באַהאַלטענער זון אונטער די וואָלקנס, ווי דאָס פרישע גרעזל, וואָס רייסט זיך אַדורך דורך די מיסטן!

די אַדלערן איז ווי אַ פאַרשטיינערטע געבליבן ביים בילד: „די לוויה."

...אַ לאַנגע פּוסטע גאַס שפּרייט זיך אויס פאַר אירע אויגן, נאָך אַן עגלה גייט אַ פאַרוויינט יונגל; מיט ביידע הענט האַלט ער זיך אָן דעם וואָגן, ווי ער וואָלט געוואָלט צום לעצטן מאָל אַרומנעמען דעם קאַלטן קערפּער, וואָס ליגט אינעווייניק...

אַמלענגסטן אָבער בלייבן זיי שטיין ביים בילד פון די מידע טרעגערס.

זייערע אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, אויסגעצויגענע הענט און פיס זענען אַזוי מיד, ווי דער בלייערנער הימל, וואָס איז פאַר זיי אויסגעשפּרייט. אין

יעדן שטריך, אין יעדן פלעק אויפן בילדל פילן זיי זייערע אייגענע מידקייט, וואס פילט אויס די גאנצע לופט ארום און וואקסט אויס אין אַ גרויסער, פיינלעכער מידקייט פון דער וועלט.

באַטראַכטנדיק די בילדער האבן זיי פארלוירן דאס געפיל פון ווירק־לעכקייט, גענומען צווייפלען, צי איז דאס אלץ טאקע אמאל געווען?

זיי זענען צו צום שטיין נעבען די בייטן. דאס פרישע, בליענדיקע פעלד האט געשטילט און בארויקט. די גרינקייט געמונטערט, געשטארקט.

— ווי מיינט איר — האט שטיל געפרעגט די אדלערן — וואו זענען איצט זיי אלע?

— ווער קאָן דאס וויסן? — האט בלאס אפגעענטפערט די מינצן און ווי אין חלום א זאג געטאן:

— ווען עס געשעט איצט א נס און זיי וואלטן צוריקגעקומען... זי האט אבער באלד אפגעהאקט, זי האט שוין נישט געגלויבט, צי איז דא אמאל ווער געווען. אין דער אומענדלעכקייט האבן זיך גענומען ציען די שעהן. די טעג ווי אַן אייביקייט געווארן, וואס וועט זיך ציען און ציען, און קיינמאל נישט אויסגיין. די נעכט זענען פארוואנדלט געווארן אין אַן אפגרונט פון וויסטע חלומות; ווי גיפטיקע שלאנגען האבן זיי ארומגערינגלט זייערע קערפערס און אויסגענאגט זייער לעצט ביסל כוחות. ווידער האבן זיי איבערגעלעבט דעם טויט פון זייערע קינדער, די שרעק פון אלע „אקציעס". ווי אַן אייביקע קללה, וואס וועט זיי דאס גאנצע לעבן פארפאלגן, האט אין זייערע אויערן געקלונגען דער ווידערקול פון די וואגנס מיט די עופהלעך, וואס זענען אין דער „שפערע" ארויסגעפירט געווארן. די וואָגנס, וואס האבן געפירט די קראנקע פון אלע שפיטעלער, פולע מיט מוראדיקע קרעכצן, שלוכצנדיק געוויין. זיי הערן ווידער די ווילדע געשרייען פון די צעיושעטע זעלנער און וועקן זיך אויף באגאסענע מיט א קאלטן שווייס, אין טויט־אנגסטן.

גארנישט זאגנדיק האט די אדלערן ארויסגענומען דאס לעצטע ביסל בור־קעס און קארטאפל, און ארייגעלייגט אין א זעקל, גענומען דרייען זיך ארום דער שאנק, קלייבן וועש, צוריקלייגן און ווידער אנפילן מיט זיי דעם גרויסן רוקזאק, וואס זי האט זיך צוגעגרייט ווען עס האָבן זיך אנגעהויבן פארשפרייטן קלאנגען, אז אלע יידן וועלן פארשיקט ווערן קיין לובלין.

די מינצן האָט אויף איר באַלעבאַטעווען זיך צוגעקוקט פון דער ווייטנס, זי איז גרייט געווען אויסצופירן איר באַשלוס.

די אַדלערן האָט זיך נעבן איר ביים טיש געזעצט, אירע אויגן האָבן פאַרצווייפלט געבעטן:

— לאָמיר גיין, אויף א בית־עולם קאָן מען נישט לעבן... נאָר אירע מיט ווייטאַק אויסגעקרימטע ליפּן האָבן געשוויגן.

די מינצן האָט גענומען נישטערן אין די טאַשן, מיט ציטערדיקע פינגער ארויסגענומען פון אן אונטער־טעשל א שעכטעלע, ארויפגעלייגט עס אויפן טיש, אנגעוויזן אויף די רויטע פּילן און שטיל געזאָגט:

— דערנאָך טוט שוין גאָרנישט וויי...

זי האָט די שרעק פאַרן טויט גובר געווען. איצט האָט איר דער טויט זיך אויסגעוויזן ווי אַן אויסלייזער, וואָס וועט זי באַפרייען פון דער פּיין, וואָס טריפט פון יעדן קעמערל פון איר לייב.

מיט עקל האָט די אַדלערן דאָס שעכטעלע אוועקגעשאַרט און אנגעבייזערט זיך:

— ס'איז נישט קיין יידישער טויט! נישט דערויף אַזויפיל יאָרן דאָ געפּײַניגט... — און ווי זי וואָלט שוין דעם טויט אין דער שטוב געזען, גענומען זי ציען פאַר די הענט שרייענדיק:

— קומט! קומט גיכער! מ'דאַרף נאָר דעם וועג איבערקומען...

אַ בלייערנע שווערקייט איז אריין אין זייערע לייבער, ווען זיי זענען ארויס אויפן הויף. אין די גראָבע מאַנטלען, וועלכע זיי האָבן שוין אויפן ווינטער מיט זיך מיטגענומען, מיט די זעק אויף די פּלייצעס, באַהאַנגען מיט טאָרבעס פול אנגעפּאַקטע מיט פאַרשידענע קלייניקייטן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך נישט געקאָנט שיידן, האָבן זיי קוים געקאָנט זיך רירן פון אָרט. זייערע וואַקלדיקע געשטאַלטן האָבן זיך איינגערעמט אין די שפּיגלדיקע שויבן פונעם מאַלער קריגער, ווי דאָס לעצטע בילד פון הויף.

די פּוסטע פאַרלאָזענע גאַסן האָבן זייערע חושים אָפּגענומען, ווי איבער א פינצטערן וואַלד האָבן זיי געבלאָנדזשעט, נישט געוווּסט ווי ארויס אויף א וועג.

מיטאמאל האט זיך פון דער ווייטנס געוויזן א לאסט־מאשין געפירט פון דייטשן מיט טויטן קעפ אויף די הוטן.

דאס איז געווען א באזונדערע „קאָמאַנדע”, וואס האט געני־שטערט איבער גאסן, איבער די בוידעמער און קעלערס און צונויפגעזאמלט די אויסבאהאלטענע. דערזעענדיק די צוויי ווייבער האבן זיי פאר גרויס וווּנדער אויפגעריסן די מיילער. נישט געקאָנט פארשטיין פון וואנען זיי האבן זיך גענומען, בעת זיי האבן שוין אדורכגעזוכט יעדעס ווינקעלע פון געטא, זיי זענען נענטער צו־געפארן און דערזעעניק זייערע דערשוויצטע פנימער, די לאנגע ווינטער־מאנטלען אויסגעשאסן מיט א ווילד געלעכטער:

— די צוויי קומען פון סיביר! יידן, מאכט פלאץ פיר די דאמען...

א בחור מיט א בלוי צעהרגעט פנים האט זיי געהאלפן ארויפגיין אויף דער מאשין. ווי עס וואלט אין אים פלוצים אויפגעגאנגען א דערמאנונג פון א מאמען, פארשטעלט די צוויי פרויען מיט זיין קערפער, ווי געוואלט באשיצן פארן חוזק־געלעכטער פון די „טויטע קעפ”.

איינגעטוליעט איינע אין דער צווייטער זענען זיי געזעסן און מיט שטארע בליקן געקוקט אויף די געטא גאסן, וואס אנטלויפן וואס אמאל ווייטער און ווייטער, אויף יידיש לאדזש, וואס איז אפגעמעקט געווארן.

# חיים ווידאווסקי

איך בין געזעסן אין טעפּיכער רעסאָרט, נעבן פענצטער, ביי מיין האַלצערנער ראַם און געוועבט אַ טעפּיך.

די מיידלעך אַרום האָבן שטיל געטאָן זייער אַרבעט. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ פאַרבענקטער ניגון פון אַ ליד און ווידער איז שטיל געוואָרן. די גאַס איז געווען אַ טויטע אָן סימן פון אַ לעבן.

אין די פאַרמיטאָג שעהען איז יעדער געווען ביי זיין אַרבעט אין רעסאָרט. ווער האָט מער נישט געהאַט קיין כּוח אויפצושטיין צו דער אַרבעט איז געבליבן אין בעט, אַליין אין דער שטוב.

פּלוצים איז פאַר מיינע אויגן אַדורכגעגאַנגען אַ יונגערמאַן אין אַ טונקעלן מאַנטל. דאָס פּנים פאַרבונדן מיט אַ טיכל. דער קאָפּ געבויגן צו דער ערד.

איך האָב אים גלייך דערקענט. עס האָט זיך מיר מאָדנע אויסגעוויזן, אַז חיים ווידאָווסקי איז איצט נישט ביי דער אַרבעט.

— ווי קומט עס, ער זאָל אַרומגיין מיט אַ געבונדן פּנים?

נאָר די פרומע יידן, וואָס האָבן נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן דעם דייטש און אָפּשניידן באָרד און פּאות האָבן אַזוי דאָס פּנים באַהאַלטן פאַרן בליק פון די דייטשע זעלנער.

פאַר די זין פון הערן פאָלק איז עס געווען הן אַן אַקט פון ציוויליזאַציע הן „סאַלדאַטן פרוידע״ אָפּשטעלן אַזאַ יידן אין מיטן גאַס און ביים חוזק־געלעכטער פון ערב־רב שניידן באָרד און פּאות צוזאַמען מיטן פלייש.

חיים ווידאָווסקי איז תמיד געגאַנגען שטאָלץ און ווירדיק. ווי קומט עס צו אים גיין איינגעבויגן, ווי געבראָכן, מיטן פּנים געוואַנדן צו דער ערד? ער איז דאָך דער, וואָס האַלט אין איין דערמוטיקן:

— „מיר וועלן זיי איבערלעבן!... פארן נאך ארץ־ישראל!"

ער איז פארשוואונדן אין א טויער. עס האט לאנג נישט געדויערט, א שעה צייט אדער ווייניקער און די בריטשקע פון געסטאפא איז פאר מיינע אויגן אדורכ־געפארן איבערן ברוק. איך האב אפילו נישט באוויזן צו זען ווער האט זי געפירט. גלייך איז זי צוריקגעפארן. אינעווייניק איז געלעגן א דעק אויסגעשפרייט, ווי עמעצן באדעקט.

באלד איז איבערן רעסארט אדורך א קלאנג:

„די געסטאפא האט געפונען א געהאנגענעם אין א קלאזעט"...

עס האט א רודער געטאן ווי אין א בינשטאק.

— ביבאָוו אליין איז אים געקומען נעמען...

— עס הייבט זיך נישט אן, דאס איז געווען ריבע [1]... ער האט געפונען ווידאווסקין א פארסמטן...

— פארוואס האט ער זיך דאס לעבן גענומען — האט געפרעגט איינע און צווייטע — ווי אזוי איז די געסטאפא גלייך דערוועגן געוואר געווארן!?

...געהאנגען... געסמט — האט מיר געהאמערט אין קאפ. חיים ווידאווסקי...

וואס וועט איצטער טאן זיין שוועסטער?! ווי וועט זי דאס איבערטראגן... פארוואס? פארוואס?

ביי נאכט קומענדיק פון דער ארבעט איז שוין אין געטא אלץ „קלאר" געווארן. זייט עטלעכע טעג האבן די דייטשן געמאכט רעוויזיעס אין געטא, געזוכט ראדיא אפאראטן. חיים ווידאווסקי האט געוווסט, אז זיין נאמען איז שוין אויפגעגעבן געווארן. אלע פון דער געהיימע ראדיא גרופע זענען ארעסטירט. ער האט געוווסט, אז ער וועט נישט אויסהאלטן די קלעפ אויב מען וועט אים געפינען. זיין שוואכער גוף קאן חלילה נכשל ווערן און ער וועט אויסגעבן א חבר. ער האט דעם סוד פון דער ראדיא גרופע מיטגענומען מיט זיך.

ערשט נאך זיין טויט האב איך מיך דערוווסט, אז חיים ווידאווסקי איז געווען דער בשורה אנזאגער אין געטא.

2

איידער די יידן זענען אין לאדזשער געטא הערמעטיש פארשלאסן געווארן

1) ריבע — א פאלקס־דייטש אין דינסט פון געסטאפא.

האבן די דייטשן פארעפנטלעכט א פאראָרדנונג, וועלכע האט אויפגעפאָדערט אלע אפצוגעבן די ראדיא אפאראטן. פאר נישט אויספילן דעם באפעל דראט טויט. דאך האבן צענדליקער יידן אריינגעשמוגלט אין געטא ראדיא אפאראטן.

עס האט געדויערט א צייט און די געסטאפא האט זיי אלע געפונען, דערמארדעט. נישט רעכנדיק זיך מיט דער סכנה האט זיך געפונען א גרופע מענטשן, ציוניסטן, פועלי ציוניסטן און בונדיסטן, וועלכע האבן מאנטירט ראדיא־אפאראטן, כדי צו באדינען מיט אינפארמאציעס די אנפירער פון זייערע פארטייען. דריי מאל אין טאג זענען צוגעשטעלט געווארן ידיעות פון לאנדאן, מאסקווע, בערלין. דריי מאל א טאג האט א גרופע פון צוועלף מענטשן אייגעשטעלט זייער לעבן אויפצוכאפן די נייעס פון די פראנטן און אינפארמירן זייערע פארטיי־אנפירער וועגן דער פאליטישער לאגע. נאר אייניצלנע פארטרוילעכע מענטשן האבן די ידיעות באקומען און אפטמאל זיך אויסגעהיט זיי ווייטער איבערדערציילן. עס איז גוט באקאנט געווען די טעטיקייט פון דער קריפּא, וועלכע האט מיט אירע טארטור־מעטאדן געקאנט פון איר קרבן ארויסבאקומען אלץ.

האט זיך געפונען אן אוסוורף, א מוסר, וועלכן די תאווה צו געלט האט געשטעלט אין דינסט פון געסטאפא. שוין פון די ערשטע טעג פון דער מלחמה האט סאנקעוויטש מיטגעארבעט מיט דער דייטשער קרימינאל פאליציי. ער האט דאס צוגעטראגן די מסירה, אויסגעגעבן די נעמען פון דער געהיימער ראדיא־גרופע. גלייך זענען אלע ארעסטירט געווארן.

חיים ווידאווסקי האט באוויזן אויסבאהאלטן זיך אויפן בית־עולם.

גלייך נאך דער מסירה זענען אין געטא פארשפרייט געווארן דראונגס מעלדונגען, אז אויב חיים ווידאווסקי וועט זיך נישט צושטעלן אליין, וועלן צען פאליציאנטן אויפגעהאנגען ווערן.

ער האט געוווסט, אז עס איז נישטא אזא ארט, ווו זיך אויסצובאהאלטן אויף א לענגערע צייט און נישט געוואלט אז איבער אים זאלן פאלן אנדערע. ער האט אליין געמאכט א סוף צו זיין לעבן. אוועק פון דער וועלט מיט דעם שרעקלעכן געפיל, אז עס האט אים פאראטן און זיינע נאנטסטע חברים — א ייד!

3

חיים ווידאווסקי איז געווען קליינוווקסיק און דאר. די, וועלכע האבן אים

געקענט האבן באוווּנדערט זיין לעבנס־אָפּטימיזם, מוט און עקשנות. נישט געקענט פארשטיין פון וואנען נעמט אזא חלוש דעם כוח צו לויפן אויף זיצונגען, האלטן אויפן „קאפּ" אלע חברים, תמיד אינטערוועניִרן וועגן א פאסטן, א קראנקן־טאַלאָן, נישט צולאזן ווער פון זיינע חברים זאל ארויף אויף א ליסטע, פארשיקט ווערן פון געטא אויף ארבעט.

די פאראנטווארטלעכקייט פאר זיין פארטיי (אלג. צ.), די וואס אמאל נייע געשעענישן אין געטא, האבן פארנומען זיין גאנצע צייט. עס איז שוין נישט גע־בליבן ווען זיך אפצוגעבן מיט דער אייגענער משפחה.

נאך זיין טויט איז געפונען געווארן א בריוול:

„טייערע חברים, איך גיי שטארבן, ווייל אנדערש קאן איך נישט. די גאנצע צייט האב איך געוווסט וואס איך טו און בין געווען גרייט צו אלץ. איך האב אבער זיך געשווירן, אז זייער האנט וועט מיך קיינמאל נישט דער־גרייכן! זייט ווייטער אין דעם דינסט. ווער פון אייך וועט איבערלעבן, זאל איבערפירן מיינע ביינער נאך ארץ־ישראל".

אין א בריוו צו זיין משפחה האט זיך ווידאווסקי פארטיידיקט, וואס ער גייט אוועק און לאזט זיי אליין. געבעטן זיי זאלן אים מוחל זיין, וואס ער האט נישט גענוג געזארגט פאר דער משפחה און אינגאנצן זיך אפגעגעבן מיט געזעל־שאפטלעכער ארבעט. מיט ווערטער פון גלויבן אין זיג פון דער גערעכטיקייט האט ער זיך געזעגנט מיט זיינע נאָנטע.

4

דער מוסר סאנקעוויטש האט נישט געקענט זיך אויסבאהאלטן פון דער נקמה פון געטא. אין ערגעץ אנטלויפן פון איר. לאנג איז געגרייט געווארן די „אפּרעכנונג פאר אלץ". ערשט אין די טעג פון ליקווידאציע אין אויגוסט 1944, איז ער געכאפט געווארן פון א חברה „שטארקע", וועלכע האט אויסגעפירט דעם פסק הדין, וואס איז אים געקומען.

# ה ע נ ט

זי איז געווען דאָס משרת פון באַראַק, און קיינעם פון די קראַנקע, די פוילישע, ליטווישע, טשעכישע און אונגאַרישע מיידלעך האָט עס נישט געוואונדערט וואָס דווקא זי, די עלטסטע, דאַרף אַלע באַדינען. יעדן טאָג אויפהייבן זיך די ערשטע און אַרויסטראָגן דאָס אומריינס פון דער נאַכט, מיט אַ שטיקל טוך אויסקערן דעם דיל, ברענגען אין דער גרויסער, בלעכערנע פּושקע וואַסער פון קאַלך־גרוב, צו וואַשן די צעפּוילטע, נאַסע ברעטער.

וואָסאַמאָל הערט זיך פון אַן אַנדערע טייל באַראַק אַ וויינענדיק, בעטנדיק קול:

— מאַרגעריטקע, לייג אַרויף אַ קאַרטאָפל אויפן אויוון, זאָל ער זיך אָפּבראָטן...

— מאַרגעריטקע, וואַש מיר אָפּ מיין טעלער, באַלד וועט מען טיילן... מיט אַ שטילן קרעכץ קריכט אַראָפּ מאַרגעריטקע פון איר אויבערשטע פּריטשע לעבן אייוועלע, אויף די געשוואָלענע, מיט־לייוונט אַרומגעבונדענע פיס טשלאָפּעט פון איינע, צו דער אַנדערער און מיט געדולד פון אַ טעמפּע, פאַרפייניקטע חיה, פירט אויס זייערע פאַרלאַנגען. אַפילו די „געזונטע", וואָס גייען יעדן טאָג אַראָפּ אויף אַ פּאָר שעה פון די נאַרעס, אויסזוכן זיך אַביסל קאַרטאָפל־אָפּפל פון די מיסט־קאַסטנס און קאָכן זיך פון זיי זופּן, באַדינען זיך אויך מיט דער אַלטער, מיט מאַרגעריטקען, וואָס האָט סך־הכל פערציק יאָר און זעט אויס, ווי אַ זקנה. אַזוי ווי זיי שטעלן זיך נאָר אַוועק קעכלען זייערע מאכלים, הערט זיך באַלד זייער באַפעלערישע שטים פון אונטער דעם אייוועלע:

— וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ לאַמטערן? דערלאַנג אַ טעפּל וואַסער! — מאַרגעריקטע, ס'פייער גייט אויס, צי אַרויס אַביסל שטרוי פון מיין שטרוי־זאַק...

דאָס רעכט צו שאַפן זיך מיט איר האָט זיך יעדע גענומען פון אירע דערשראָקענע אויגן, וואָס האָבן שטום געבעטן ביי יעדע:

— איך וועל אלץ טאן פאר אייך, נאר לאזט מיך דא זיין, לעבן אייוועלע...
קיינעם האט נישט אנגעגאנגען, ווער איז די אלטע, מיטן אנגעקארבטן פנים, ווי א שוואם. צי איר נאמען מארגעריטקע, איז א חוזק־נאמען צו איר פולן גוף, וואס קאטשעט זיך אויף צוויי פיס ווי קלעצער; צי אפשר איר אמתדיקער נאמען.

זי איז געווען לאנג און מאדנע ברייט צווישן די ליגנדיקע אפגעפרוירענע טיפוס און דיזענטעריע־קראנקע, וואס זענען שוין איינגעשרומפט געווארן און ווי איינגעוואקסן אין די ברעטער פון די פריטשעס. האט זי זיך אויסגעוויזן מעכטיק. אין דער אמתן איז זי גארנישט געווען אזא גרויסע. די טראנטעס, שטיקער אלטע, צעריבענע דעקעס, וועלכע זי האט געטראגן אויפן לייב אונטערן גרוי־בלויעם קאצעט־קלייד, האבן זי ווי אויסגעבעט, געמאכט רונדיק און הויך.

קיינע פון די מיידלעך האט נישט געזען זי זאל אויסטאן ווען דאס לאנגע אוסיגעריבענע קלייד. נישט געזען אונטער די טראנטעס איר פארטריקנט, איינ־געפאלן לייב, באדעקט מיט א דין הייטל, וואס האלט זיך קוים אויף די ביינער. און אפשר דערפאר האט זי עס קיין מאל נישט אויסגעטאן? ווער ווייסט?

איר קאפ, וואס איז אין אשוויענטשים אפגעגאלט געווארן, האט זיך פאמעלעך באדעקט מיט קורצע, געקרייזלטע שווארץ־גרויע הערעלעך. די שטיקלעך שטרוי, וואס האבן זיך פון איר שטרוי־זאק ארייגעכאפט צווישן די האר, האבן איר פנים געגעבן א ווילדן, משונהדיקן אויסדרוק.

יעדע פון די מיידלעך, ווי קראנק זי זאל נישט זיין, האט יעדן טאג מיט אביסל שווארצע קאווע אדער שניי, ארומגעוואשן זיך דאס פנים, אפט מיט א שטיקל צעבראכענעם קאם, וואס מען האט ווי אן אויג אין קאפ אויסבאהאלטן איבער אלע טראנספארטן, צוגעגלעט די האר.

מארגאריטקעס פנים איז געווען בלוי־גרין, באדעקט מיט שטויב און שווייס. זי געדענקט שוין אליין נישט, ווען זי האט עס געוואשן.

מאנכעס מאל האבן די קראנקע, צוקוקנדיק זיך צו איר פנים, ארויס־געלאכט פון די פריטשעס:

— אונדז וועט מען נאך אפשר דערוואשן נאך דער באפרייונג, נאר מאר־געריטקע וועט שוין בלייבן א שטיק בלאטע...

מארגעריטקע שווייגט. שאקלט מיטן קאפ. אירע קליינע, פארטרערטע אויגעלעך ווערן נאך קלענער. פון צייט צו צייט, גיט איר ווער פון די קראנקע

אביסל שיטערס פון דער זופּ, אדער א שטיקל קילאָריב. צו די אבער, וואס האבן איר נישט וואס צו געבן, גייט זי אזוי אייגן צו טוען ארום זיי, אלץ וואס איז נויטיק. אירע רויטע אפּגעפּרוירענע הענט, וואס זעען אויס, ווי אן אפענע וווּנד, רוען נישט קיין רגע. אָן אויפהער שארן זיי זיך איבער די קראנקע קערפּערס. הילן זיי איין אין שטיקלעך פון דעקעס, וואס רוקן זיך אלץ אראפּ פון זייערע פּלייצעס, לייגן איבער די דיזענטעריע קראנקע אויף אן אנדערע זייט, אזוי פּארזיכטיק, פּאמעלעך, ווי זיי וואלטן געפילט, אז יעדער ריר טוט זיי וויי, שטעלן אונטער טעפּעלעך מיט וואסער, פאר די וואס ליגן אין פיבער צעברענטע. זיי טוען דאס אלץ רואיק און זיכער, ווי זי, מארגעריטקע, וואלט גארנישט געווען ביי דעם.

עס איז געווען סוף ווינטער.

אונטער די פענצטער איז געלעגן צעשפּרייט א ווייסע פּלאכטע שניי אויס־געמישט מיט די מיסטן פון די באראקן.

די קראנקע אויף די פּריטשעס האבן מיט אויסגעלאשענע אויגן ארויס־געקוקט דורך די שמוציקע קאצעט־פענצטער אויף דער ווייסער לאגער־גאס און פּאמעלעך געגליוווערט. פּלוצים אין איינעם פון די שטילע, טויטע טעג, ווען יעדער האט זיך אויסגעוויזן, אז די דרויסנדיקע וועלט איז שוין לאנג אפּגע־שטארבן, נאר זיי ראנגלען זיך נאך אלץ מיטן טויט, האט זיך אויפגעמאכט די טיר און אויף דער שוועל איז שטיין געבליבן א בלייך מיידל מיט א דעקע ארויפגעצויגן אויפן קאפּ. זי האט שווער געסאפּעט, ווי דער שטורם־ווינט וואלט פארהאקט איר אטעם. א דערשטוינטע האט זי מיט די אויגן געמאסטן דעם באראק.

— פון וואנען קומט איר? — פון לאגער אדער פון א טראנספּארט?

— האבן עטלעכע גענומען אויספרעגן אויף יידיש, טשעכיש און דייטש.

— פון... פון בלאק אכט... דער דאקטאר האט מיך דא אריינגעשיקט, אין א שפּיטאל... — דאס פרעמדע מיידל האט קוים פון זיך ארויסגעוואָרפן די פּאר ווערטער און ווי א צוגעשמידטע ווייטער געשטאנען ביי דער שוועל.

...דערויף דעם דאקטאר דאס גאלדענע קייטעלע געגעבן, דעם איינציקן אנדענק נאך דער מאמען! די גאנצע צייט עס אויסבאהאלטן אין א שטיקל ברויט און ער האט עס אויסגענארט! אויסגענארט... ס'איז אזא אייגענער באראק ווי אלע!

— דא איז נישט קיין שפיטאל! — האט אראפגעשריגן „די כמיעלניקערן" פון איר פריטשע. זיי האבן נאר ס׳געלעכטער געמאכט פון אונדז... צוזאמענגענומען די קראנקע פון אלע באראקן און אזוי ליגן מיר דא, ווי אין א קבר.. אין א קבר זאל איך שוין זיי אלע זען רבונו־של־עולם!

זי איינע האט אויפן קול געשאלטן די דייטשן מיט וויסטע, אויסטערלישע קללות, וואס זענען נאך פון קיינעם נישט געהערט, נישט צוגעטראכט געווארן. אזוי ווי אנדערע האבן גאנצע טעג געטראכט וועגן א שטיקל ברויט, א קארטאפל, מאנכע ווידער וועגן אן אמתדיקן שפיטאל מיט ווארימע בעטן און צארטע שוועסטער אין ווייסע שערצן, אזוי האט זי אריינגעטראכט אין די קללות. יעדע נייע, צוזאמען מיט די אלטע, עטלעכע מאל איבערגעחזרט מיט א טיפע, פארבענקטע שטים, ווי זי וואלט תפילה געטאן.

דאס ניי אנגעקומענע מיידל האט ארויפגעקוקט אויף דער פריטשע, נאר קיינעם שוין נישט דערזען. די „כמיעלניקערן" האט איר פנים אריינגעגראבן אין שטרוי־זאק, ווי א חיה, וואס פארשטעקט זיך צום ווינטער־שלאף.

נאר אויף דער קעגנאיבערדיקער פריטשע האט זי דערזען א גרויסן געקרייזלטן קאפ, קליינע קורצע הערלעך אויסגעמישט מיט שטרוי, א געל טויטאומעטיק פנים. נאר די קליינע, פייכטע אייגעלעך האבן נאך ארויסגעוויזן א סימן פון לעבן. א ציטער פון עקל האט זי ארומגענומען פון קאפ ביז פיס.

— וואס סארא פנים! שוין גארנישט קיין מענטש!

— איר האט נישט וואו צו ליגן? קום טאריין צו מיר — האט מיט א שוואכע שטים, ווי א דינער פאָדים, וואס אט־אט וועט ער זיך איבעררייסן, געצויגן א פרוי פון סוף באראק און שטילער צוגעגעבן:

— כ׳האב א ווארעמען מאנטל...

דאס מיידל מיט דער דעקע אויפן קאפ האט פאמעלעך זיך גענומען שארן אויף אירע שטארע פיס, וואס זענען זינט דער עוואקואציע פון לאגער אין פראוסט אינגאנצן אנמעכטיק געווארן. אירע ציטערדיקע פינגער האבן קוים אראפגעצויגן די קלומפעס. פול מיט ווייטאק איז געווען איר קליין פנימל בעת זי האט ארויסגעשטאמלט:

— איך דאנק אייך... אויב איך וועל איבערלעבן, וועל איך...

אומזיסט האט די יוגאָסלאַווישע פרוי אַריינגערעדט אין איר, ווילנדיק זיך דערוויסן עפּעס נייעס, וואס הערט זיך אין דרויסן. שוין אַזוי לאַנג קיין מענטש נישט געזען.

דאס ניי אָנגעקומענע מיידל האט מער קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. זי איז געלעגן מיט פאַרשלאָסענע אויגן, צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן. אין איר מוח האט ווי אַ געשפּענסט זיך איינגעפּרעסן דאס פּנים פון דער דאָרט אויף דער פּריטשע און געעגבערט, ווי געוואָלט אין איר אַריינפּרעסן די וואָר, אַז אויך זי וועט איינגיכן אַזוי אויסזען.

דעם אָוונט איז אין באַראַק אַ יום־טוב געווען.

מען האט אַריינגעבראַכט שטיקלעך פּערדס־פלייש אויף נאַכטמאָל צום ברויט. די קראַנקע האָבן געגעסן פאַמעלעך, ווי עס וואָלט זיי געווען אַ שאָד, אַזוי גיך עס צו פאַרלירן. אייניקע האָבן אומגעדולדיק געררופן:

— מאַרגאַריטקע, באַרג נאָר ס׳מעסער פון דער „שאַוולער״, צעשנייד די העלפט אויף מאָרגן! אַזאַ פלייש... זיכער נישט קיין פּערדס־פלייש!

מאַרגאַריטקע, ווי שטענדיק, איז גלייך אַראָפּ פון איר פּריטשע און שוין פון איינער צו דער צווייטער געטשלאַפּעט, ביז זיי אַליין האָבן גענומען שרייען אויף איר:

— גיי שוין שלאָפן, גיי! מאָרגן איז אויך אַ טאָג!

נישט דרייסט, ווי שעמעוודיק, האָבן זיך אירע הענט פאַרהאַלטן ביים לעצטן בעט. קוים באַרירנדיק דאס פרעמדע מיידל, אַרומגעהילט אירע קראַנקע פיס, אַרויפגעצויגן דעם מאַנטל, וואס האט זיך אַראָפּגערוקט פון אירע פּלייצעס, שטיל אָן אַ שאָרך גענומען אַריינשטופּן דאס שטרוי אין די לעכער פון איר צעריסענעם שטרוי־זאַק. און ווידער קוים אָנזעעוודיק אַדורכגערוקט איבער איר איינגעקורטשעטן אונטערן מאַנטל, קערפּער.

דאס מיידל איז אויפגעטרייסלט געוואָרן, ווי עס וואָלט זי אַרומגענומען אַן עלעקטרישער שטראָם. זי האט אויף אַ רגע אויפגעהויבן דעם קאָפּ, דערזען דאס זעלבע גרין גרויע פּנים אַזוי אייגן ערנסט און רואיק און זיך צעוויינט.

דער גאַנצער ווייטאָק, וואס האט זיך אָנגעזאַמלט אין איר איבער אַלע לאַגער יאָרן און ווי אַ משא צוגעפּרעסט, האט ווי אַ פאַרגליווערטער טייך

אונטערן שמייכל פון דער זון אויפגעטויכט, ארויס אין כוואלעס טרערן. די גאנצע צייט אין אשוויענטשים, שטוטהאף, פראוסט און נאך און נאך, ביז צו דעם וויסטן העק אין בורגראבען האבן אירע אויגן נישט געקאנט וויינען, אפ־געשטארבן איז אין איר דאס פילן או טראכטן און זי א לעבעדיקער מת האט זיך געוואלגערט פון לאגער צו לאגער, אויפגעהאלטן נאר דורך דער שרעק פארן טויט.

די ווייכע, מאמעדיקע בארירונג, פון די צארטע, פרעמדע הענט האבן זי ארויסגעריסן פון גליווער. זי האט דערזען אזוי קלאר, ווי קיין מאל דאס גאנצע גהנום, ווו זי איז פארזונקן געווארן, דאס האפנונגסלאזע ווארטן פון איר און די אלע אויף די פריטשעס און נאך העכער געגומען העשען. איר געוויין איז אריבער אין א שטיקנדיק זיך געשריי. אויפגעוועקט די קראנקע. פארוואונדערטע האבן זיי זיך ארומגעקוקט אין דער גרויקייט פון באראק:

— ווער וויינט דא? ווער קאן דא נאך וויינען?

מיט אן אראפגעלאזטן קאפ איז מארגעריטקע געזעסן צופוסנס ביים אפ־געפרוירענעם מיידל. ארומגענומען זי מיט אירע מידע, בלאטיקע הענט.

# דינה׳לע

דינה׳לע איז דאס איינציקע מיידעלע אין באראק צווישן די פרויען. זיי אלע זיינען פון ליטע פארטריבן געווארן אין דעם פארניכטונגס־לאגער הינטער דאנציג אין פוילן.

זי האט עלף יאר, איז קליין און שמאלבייניק. איר פנימל איז דאר און אויסגעצויגן; אין אירע אויגן איז דער פונק פון ליכטיקייט און שטיפערישקייט פארבליבן; נאר די שווארצע רעדער אונטער די אויגן דערציילן פון א באהאל־טענעם טרויער, פון א ווייטיק, וואס פייניקט איר הערצל און לאזט ניט רוען.

איר מאמען רופט זי פשוט — סולא. ווייל קיינער אין באראק טאר דאך ניט וויסן, אז זי איינע איז די גליקלעכע, וואס איז צוזאמען מיט איר מאמען אין לאגער געבליבן. זי קען איר זען אלעמאל, רעדן מיט איר, און באהאלט זיך נאר דעמאלט ווען עס קומט דער דייטשער אויפזעער ציילן די פרויען, זען צי די רשימה שטימט.

כאטש קיינער קען פון דעם וואלד־לאגער ניט אנטלויפן, דאך ציילט מען אלעמען צוויי מאל א טאג, צו זען צי קיינער פעלט ניט.

איז דינה׳לע א בריה אויף אויסבאהאלטן זיך פון דעם ריזיקן ס.ס.־מאן, וואס קומט אין זיין שפאגל־נייעם גרינעם מונדיר מיט א גומי בייטשל אין זיין האנט. ער דארף דאך ניט וויסן, אז אזא מיידעלע, ווי דינה׳לע, געפינט זיך אין לאגער.

אלע קינדער, די גרעסערע און קלענערע זיינען פון זייערע מאמעס אפ־גענומען געווארן, פארשיקט ערגעצוואו אין אַן אנדערן ארט. זאגן אייניקע צווישן די פרויען, אז די קינדער ארבעטן אין האלאנד אין א נייער פאבריק פון שווע־בעלעך, באקומען געגוג צו עסן און עס פעלט זיי דארט גארניט. זאגן אנדערע, אז זיי זיינען פארשיקט געווארן קיין דייטשלאנד אין א שאכטל־פאבריק. קיינער אבער ווייסט ניט געגוי, וואו די קינדער זיינען אהינגעקומען.

סולא, דינה׳לעס מאמע, איז א הויכע, געשיקטע פרוי, מיט טונקעלע ביר־אויגן און א העל, לענגלעך פנים. די זיידענע קאשטאן־האר זיינען ביי איר ניט אפגעשוירן געווארןביים אנקומען אין לאגער און שוין דערמיט איז זי שענער און אנדערש פון אלע.

ווען זי איז מיטן טראנספארט ליטווישע פרויען געקומען אין לאגער און ארייגעפירט געווארן אינעם גרויסן באד־אנשטאלט, האט זי זיך ניט פארלוירן, ניט דערשראקן פאר די דייטשע אויפזעערינס, וואס האבן געזידלט און געשלאגן.

קיינע פון די אויפזעערינס האט ניט באמערקט ווי סולא האט דינה׳לען גע־געבן א שטופ אריין אין קלאזעט און שטיל איר אנגעזאגט:

— ווארט דא אויף מיר... איך בין ניט דיין מאמע... רוף מיך סולא...

איז דינה׳לע רואיק געשטאנען אין קליינעם טואלעט־צימערל און דורך א שפארונע געזען ווי די דייטשע אויפזעערינס שערן אפ מיט מאשינקעס די האר פון די פרויען־קעפ און ווי זיי וואשן זיך און טוען אן לאנגע געשטרייפטע קליידער. אויף דער ערד בלייבן ליגן העלע בלוזקעס און רעקלעך, קליידער און שיך. אלע פרויען, אויך די יונגע מיידלעך און די זקנות, שטייען אויסגעשטעלט אין א לאנגער ריי — ווי זעלנער, אין געשטרייפטע קליידער ווי זעק.

ווען די מאמעשי האט — געשיקט און אומבאמערקט פון קיינעם — איר אריינגעווארפן א פעקעלע זאכן, האט דינה׳לע גלייך פארשטאנען, אז זי דארף אנטאן דאס גרינע לאנגע קלייד, אויפן קאפ אנטאן דאס טיכל, אריינפאקן טיף די האר, ווי זיי וואלטן אויך ביי איר אפגעשארן געווארן. ווייל סולא האט געוואוסט אז איר מיידעלע איז מיט איר, האט זי זיך געהאלטן רואיק און באהערשט, כדי מיט א נארישער האנדלונג איר קינד ניט צו פארלירן.

די ס. ס. מיידלעך מיט די גומענע בייטשלעך אין די הענט, וואס האבן אן אויפהער געשריען צו די פרויען, זיי זאלן זיך אויסשטעלן אין רייען צו פינף, האבן אין סולאס פנים און אויפפירונג עפעס באזונדערס געפונען און האבן איר באפוילן אויסצוסדרן די ריי, ווייל מאמעס האבן זיך געטוליעט צו זייערע טעכטער, שוועסטער צו שוועסטער און האבן זיך אויסגעשטעלט צוזאמען. זיינען אין די שורות געווען צו זעקס און צו אכט פרויען.

זיי קענען ניט ציילן ביז פינף, די אידיאטן־באנדע! מאך דו אן ארדנונג מיט די בהמות! האבן זיך די אויפזעערינס געהיצט; זיי האבן זיך ניט געקענט

קיין עצה געבן ביים צעטיילן די משפחות, און אין זייער אומבאהאלפענעם כעס געשלאגן די פרויען מיט די בייטשן איבער קעפ און פנימער.

ביים ארויסגיין פון באד האט די מאמע גיך א וואונק געטאן צו דינה׳לען, האט זי שטיל און פלינק ווי א קעצעלע זיך ארייננגעגליטשט אין דער אפגעציילטער ריי און צוזאמען מיט אלע, ווי א קליין דאר ווייבעלע, געשפאנט פאראויס מיט גרויסע טריט איבער דעםברייטן, לאנגן וועג פון לאגער.

ווען דינה׳לע איז אריין מיט אלע פרויען אין באראק, האט זי זיך שטיל אנידערגעזעצט אין א ווינקל ביי דער וואנט און ניט אראפגעלאזט אויף קיין רגע איר בליק פון דער מאמען. ווען דערזען ווי די נייע אויפזעערקע, א יידישע פרוי, וואס האט איבערגענומען דעם באראק, האט איר מאמען אויסגעקליבן צו ברענגען ברויט פאר אלע, האט איר דינה׳לע מיט גליקלעכע בליקן ביז צו דער טיר באגלייט.

דאס איז געווען א נס! א נס, וואס מיר זיינען צוזאמען אין איין באראק געבליבן, האט איר הערצל געקלאפט מיט בטחון.

די מערהייט פון די פרויען זיינען צעטיילט געווארן און ס׳האט זיך געהערט זייער שטיל געוויין:

— וואו איז מיין שוועסטער, מיין פרומעלע?
— מיין איינציקע מומע איז מיר פארלוירן געווארן!

זיי האבן שטיל געקלאגט פאר זיך, פארצווייפלטע און אומבאהאלפענע.

ווען סולא איז מיטן ברויט צוריקגעקומען אין באראק איז געווארן א טומל, א קריגעריי: די פרויען האבן זיך אויפגעהייבן פון זייערע ערטער אויף די שטרויזעק, געשטופט זיך נעענטער צום טיש וואו די שטובן־עלטסטע האט געשניטן דאס ברויט אויף פארציעס, האבן געטומלט און געשריען.

ווען די שטובן־עלטסטע האט באפוילן אז סולא זאל דאס ברויט פארטיילן, האט זיך דינה׳לע אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער וואנט, צוגעמאכט די אויגן, ניט געוואלט קוקן אויף דאס ברוינע, שמעקעוודיקע ברויט: זאל די מאמעלע ניט מיינען, אז זי איז הונגעריק; ניט צוגיין צו איר מיט דער פארציע; נאר טיילן און טיילן, ביז זי וועט צוקומען אויך צו איר.



שוועד זיינען פאר דינה׳לען געווען די ערשטע טעג. זי האט גארניט געקענט באנעמען, וואס אזוינס איז א לאגער.

ווען ס׳איז נאך פינצטערע נאכט, וועקט די שטובן־עלטסטע מיט א פייפל די פרויען. זי פייפט אזוי לאנג ביז אלע פרויען הייבן זיך אויף פון די שטרויזעק. איבער אלע שטובן, איבער אלע באראקן, אויפן גאנצן שטח פון לאגער הערט זיך אזא לאנג, דויערנדיק פייפן, וואס שניידט די אויערן.

צעטומלטע גייען אלע פאמעלעך ארויס אויפן פעלד ארום די באראקן. ס׳איז א שטארקע קעלט. ס׳בלאזט א ווינט און נעמט אדורך ביז צום מארך פון די ביינער. די פרויען ציטערן אין די לייכטע זומער קליידער, בארוועסע, מיט צעריסענע שיך, אדער אין קלומפעס אויף די בלויע, פארפרוירענע פיס.

דינה׳לע ווייסט, אז באלד נאכן ערשטן פייף דארף זי שנעל זיך אויפכאפן און ארייגלויפן אין דער ברויט־קאמער. דארט, אונטער די זעק מיט ברויט, לייגט זי זיך אוועק.

איר מאמע, וואס האט די שליסלען פון דער ברויט־קאמער, פארשליסט זי. נאך דעם גייט זי אליין ארויס אויפן פעלד אויסצוסדרן די פארשלאפענע פרויען אין א לאנגער, גלייכער קאלאנע.

שעה׳ן דויערט עס ביז די טויזנטער פרויען פון אלע באראקן שטעלן זיך אויס צו פינף אין א שורה. צום סוף קומט דער „אבער־שארפירער״ און נעמט איבער פון די „קאפאס״ די צאל „העפטלינגען״.

די הונגעריקע, האלב־נאקעטע פרויען שטייען גלייך, ווי אויסדרעסירטע זעלנער אוןווארטן מיט א פארכאפטן אטעם אז דער ס.ס. מאן זאל וואס גיכער אוועקגיין.

די ציילונג הייסט „אפעל״ און מוז אלעמאל שטימען, באווייזן אז קיין איינע פון די פרויען איז איבער נאכט ניט אנטלאפן אין וואלד.

קיינער קען ניט אנטלויפן אין וואלד. דער וואלד איז ארומגעשטעלט מיט דייטשע זעלנער, און איז ארומגעצוימט מיט עלעקטריזירטע דראטן. און איבער דעם לאגער שטייט א הויכער באלויכטענער וואך־טורעם. דער זעלנער וואס זיצט אינעווייניק וועט גלייך נאכשיסן. איז ווי קענען זיי לויפן די קראנקע הונגעריקע פרויען? ווער קען זיי באשיצן אין גרויסן, פינצטערן וואלד, ארומגעשטעלט מיט וואך־פאסטנס און הינט?

דאָך, פּאַרנאַכט קומט פאַר דער זעלבער „אַפּעל”. ווידער שטעלן זיך אויס אַלע פרויען צו באַשטעטיקן, אַז קיין איינע פון זיי איז ניט אַנטלאָפן דורכן טאָג.

לויפט ווידער דינה׳לע אין דער ברויט־קאַמער. ליגט איינגעקאַרטשעט, אָן אָטעם, מיט אַ ציטערדיק הערצל, ביז דער „אָבער־שאַרפירער” וועט אוועק אין אַ צווייטן טייל פון לאַגער.

אַזוי איז עס יעדן טאָג.

קען דינה׳לע ניט פאַרשטיין פאַרוואָס האָט מען די מענטשן דאָ אַהער־געבראַכט. זיי אַלע האָבן דאָך אין גאַנצע געאַרבעט, פאַרדינט אויפן עסן. און דאָ ליגן זיי גאַנצע טעג אויף די שטרויזעק, אָדער אויפן זאַמד אין דרויסן, בעת מען רייניקט די שטובן. דינה׳לע קוקט דורך די דראַטיקע צאַמען און זעט טויזנטער פרויען אַזוי ליגן אויפן זאַמד, אַזוי אייגן פאַרשפאַרטע, דאַרע, אָפּ־געריסענע.

אין די ערשטע טעג האָבן נאָך די פרויען גערעדט צווישן זיך, דערציילט פון זייערע היימען און משפּחות. היינט ליגן זיי אַלע און שווייגן אָדער שלאָפן.

— ווי לאַנג קען דאָס אַזוי דויערן? — טראַכט דינה׳לע אין זיך. און כאָטש איר מאַמע גיט איר אַ גרעסער רעפטל ברויט באַשמירט מיט מאַרמעלאַדע, אַ גרעסער שיסעלע עסן, ווערט זי דאָך וואָס אַמאָל בלאַסער, פאַרטריקנט; די שוואַרצע רעדער אונטער די אויגן יואָס אַמאָל טיפער.



יעדן טאָג דערציילט סולאַ, פאַר די פרויען פון באַראַק:

— עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז די מלחמה וועט זיך באַלד ענדיקן... כאַפּן אויף די פרויען די ווערטער, ווי טרינקנדע אַ רעטונגס־ברעט. וויינען פאַר פרייד מיט גרויסע שווערע טרערן, וואָס קייקלען זיך פּאַמעלעך איבער זייערע בלאַסע פּנימער.

דינה׳לע אָבער גלויבט ניט, אַז די מלחמה וועט זיך אַמאָל ענדיקן. ס׳דאַכט זיך איר, אַז שוין שטענדיק וועט זי אַזוי זיצן אין איר ווינקל אויפן שטרויזאַק מיט אַ רעפטל ברויט אין אַ טאַרבעלע אויסבאַהאַלטן. ביינאַכט לייגט זי דאָס טאַרבעלע אונטערן קאָפּ, קיינער זאָל עס חלילה ניט אַרויסציען.

ניט איין מאָל וועקט זי אין דער נאַכט אַ געשריי:

— געוואַלד, ווער האָט מיר דאָס ברויט אַרויסגעגנבה'ט! ווער? — טראָגט זיך אַ פאַרצווייפלט שטיל געוויין אין דער פינצטער.

דינה'לע היט גוט איר ברויט. זי ווייסט, אַז ברויט איז לעבן. איר מאַמען, סולאַן, האָט זי ליב ווי דאָס ברויט.

ווי אַנדערש איז איר מאַמע פון די אַלע ווייבער אין דער גרויסער באַראַק שטוב. אָפטמאָל אין דער שטילער נאָכמיטאָג־שעה נעמט זי צוזאַמען פון די אַרומיקע באַראַקן די פרויען וואָס קענען דעקלאַמירן, אָדער זינגען, זעצט זיי אַוועק אויפן בעט און אַלע זינגען צוזאַמען יידישע און העברעאישע לידער. טראָגן זיך זייערע שוואַכע שטימען צאַפּלדיק־שטיל, ווי פון פאַרוואונדעטע פייגל. די פרויען אויף די שטרויזעק ווערן אַרויסגעריסן פון זייער גליוווער, ווער עס קען האַלט אונטער, זינגט מיט:

„קום מיין געליבטער,
דיינע אויגן קוילן שוואַרץ
און חוץ דיר קיינער
האָט ניט געפאַנגען מיין האַרץ"

זיי זינגען מיט אַ פאַרחלומטער, פאַרבענקטער שטים, ווי זיי וואָלטן דערמאָנט זייערע פאַרלוירענע חתנים, אומגעבראַכטע מענער. ליד נאָך ליד אומעטיק, ווי שקיעה־שטראַלן, ציען זיך איבער דעם באַראַק און גייען אויס פּאַמעלעך, פּאַמעלעך... טייל מאָל נעמט סולאַ דערציילן, סתם אַזוי זיך, אַ פריילעכע, וויציקע מעשה. די פרויען הייבן אָן לאַכן און קוקן זיך איבער איינע מיט אַ צווייטער, ווי געוואונ־דערט זיך, אַז זיי קענען נאָך לאַכן. דאָך לאַכן זיי וואָס אַמאָל העכער מיט אַ געלעכ־טער וואָס קלינגט פרעמד, גרילצנדיק און קרימט אויס די פּנימער אין אַ גרימאַסע. אין באַראַק אָבער ווערט לעבעדיקער און טומלדיק.

טראַכט שוין ניט דינה'לע, ווען וועט זיך ענדיקן די מלחמה. זי לאַכט צוזאַמען מיט אַלע מיט איר קינדיש־שטיפעריש געלעכטער. זי האָט ליב צו זען ווי איר מאַמע מאַכט זיך פריילעך און דערציילט פריילעכע מעשות פאַר די פרויען, ווי אַמאָל אין דער היים פאַר די געסט. זי זעט איר רואיק פּנים און די האָר צוזאַמענגע־נומען, אָנגעלייגט כוואַליעדיק. יעדן פאַרנאַכט דרייט סולאַ צוזאַמען אירע ברוינע, געלאָקטע קאַשטאַן־האָר אין פּאַפּירלעך און אין דער פרי זעען זיי אויס ווי רינגעלעך געדרייטע און געפלאָכטענע.

איצט זעט זי ערשט ווי שיין איז איר מאַמע. שענער פון אַלע אין באַראַק. שענער פון אַלע אויף דער וועלט!

— מען מוז זיך האַלטן ריין — רעדט סולאַ אָפּט צו די פּרויען און טרייבט זיי אין קליינעם וואַש־צימערל: — איצט איז פאַראַן גענוג וואַסער, גייט זיך אַרומוואַשן — זאָגט זי צו זיי.

— ס'איז קאַלט... ניטאָ מיט וואָס צו וואַשן זיך... ניטאָ מיט וואָס אַרומצר־ווישן זיך... ניטאָ קיין כּוח אויפצושטיין... ענטפערט איינע נאָך דער אַנדערער און בלייבן ליגן אויף די שטרויזעק.

— אָבער אין דרויסן איז אַ זון... ס'איז געזונט פאַר די ביינער, פאַרן פּנים... די זון וועט שוין אויסטריקענען! — טרעט ניט אָפּ סולאַ.

— כ'לייד ניט די זון, זי שטעכט אין די אויגן. הערט זיך ווידער אַן אומעטיק קול. זיי בלייבן ליגן אויף זייערע ערטער אויסגעלאַשענע, דער ווילן איז ביי זיי אָפּגעשטאָרבן. שלאָפן זיי אַרומגעהילטע אין די גרויע דעקעס, מיט אַשיקע פּנימער, צוזאַמגעקאַרטשעטע, פאַרזונקענע אין זיך.

דינה'לע אָבער לויפט אין קליינעם צימערל זיך אַרומוואַשן, — אַזוי האָט די מאַמע איר געלערנט. זי קען ניט אַרומגיין ווי זיי אַלע, גאַנצע טעג ניט געוואַשן; אַפילו אין דער פרי נאָכן „אַפּעל" נעמט זי אַביסל הייסע, שוואַרצע קאַווע אַרומ־צוואַשן דאָס פּנים. גלייך פון וואַש־צימערל לויפט זי יעדן טאָג אַרויס פאַרן באַראַק און לייגט זיך אַוועק אויפן זאַמד. זי האָט ליב די וואַרעמקייט און ליכטי־קייט פון דער זון... אַרום אַ גרינער וואַלד מיט הויכע שמעקעדיקע ביימער... אין דער נאָכמיטאָג שעה קומען ניט קיין דייטשן, האָט דינה'לע ניט קיין מורא איצט פאַר קיינעם. זי דאַרף אויך ניט מער אויסבאַהאַלטן זיך מיט איר סוד. אין באַראַק ווייסן שוין אַלע, אַז סולאַ איז איר מאַמע און קיינער וועט זי דאָך ניט מסרן פאַר די דייטשן.

ליגט זי דינה'לע, דאָס קינד פון באַראַק, פאַרקוקט אין וואַלד, וואַרעמט זיך ווי אַ קעצל אין די הייסע זון־שטראַלן און פאַרשטייט ניט, פאַר וואָס איז אַלע פּרויען אַזוי קאַלט...



איצט טראַכט אָפט דינה'לע פון איר טאַטן: ניט נאָר די מאַמע, נאָר אויך דער פּאַפּאַ איז אַן אַנדערער פון אַלע.

זי האָט געוואוסט, אַז איר פאָטער איז אַ ליטווינער. צו זיין משפּחה איז זי זעלטן וועגן געגאַנגען. ביי יעדער באַגעגעניש האָט זי פון זייערע בייזע

בליקן פארשטאנען, אז זיי זיינען ברוגז אויף איר מאמען, ווילן זי ניט זען... און אויך איר, דינה׳לען, ווילן זיי ניט זען... זיי זיינען געווען שלעכט צו איר און אפילו צו איר געבורטסטאג ניט געקומען. יעדעס מאל, ווען דער טאטע איז געקומען מיט א מתנה און געזאגט:

— די באבע האט עס געשיקט... זי קען ניט קומען... זי איז אלט, קראנק... האט דינה׳לע פארשטאנען, אז ער זאגט עס נאר סתם אזוי, ווייל די באבע וויל ניט קומען. אזוי אייגן די מומעס.

— דער פאפא איז געווען א גוטער!... טראכט דינה׳לע פול מיט ליבשאפט ליגנדיק מנוחה׳דיק אויפן זאמד. ביז דער מלחמה האט זי ניט פארשטאנען דעם אונטערשיד צווישן ייד און ניט ייד.

דער פאפא איז דאך געווען אזא אייגענער מענטש, ווי אלע פעטערס און שכנים, וואס זיינען אריינגעקומען. נאר זיין פנים איז געווען מער לאכעדיק און די האר העלער. ערשט ווען זיי זיינען אין געטא געקומען און דער פאפא איז מיט אלע יידן מיטגעגאנגען, האט זי פון אלעמענס פנימער ארויסגעלייענט א באוואונדערונג פאר אים; צום ערשטן מאל באנומען מיט איר קינדישן שכל, אז דאס איז א גרויסע זאך, ווען א ניט ייד גייט אין געטא און נעמט אליין אויף זיך א סך צרות.

אפטמאל האט זי געזען, ווי דער פאפא פארשווינדט פון דער שטוב. און יעדעס מאל האט אין איר מוח׳ל געשלאגן די פראגע: וואוהין קען ער גיין מיט דער געלער לאטע, ווען אלע יידן האבן מורא ארויסצוגיין? איצט דערמאנט זי זיך אז יעדעס מאל ווען ער איז צוריקגעקומען, האט ער געבראכט אנגעפאקטע טאשן מיט פעקלעך פוטער, קעזן, ווורשטן. פון היטל ארויסגעשלעפט פאפיראסן, אויסגעטאן פון זיך העמדער, סוועטערס. דינה׳לע האט זיך געקאטשעט פון געלעכטער צוקוקנדיק וואס אלץ ער שלעפט אראפ פון זיך.

— הא, הא, הא! שקארפעטן און זאקן ציט דער פאפא ארויס פון די ארבל פון מאנטל! אזוי ווי אמאל דער כישוף־מאכער פון צירק האט געשלעפט פון זיין הוט אייער! א פולע שיסל אנגעלייגט און דערנאך גענומען ציען פון מויל פארביקע בענדער, פאקן זיי אין די טאשן און צוריק ארויסציען פון מויל!

איצט איז דער טאטע א כישוף־מאכער האט זי געטראכט ביי זיין צוריקקומען. ער גייט אוועק מיט ליידיקע הענט און קומט צוריק מיט כל־טוב! קיינער קען דאס ניט באווייזן, נאר ער, איר פאפא!

נאך א צייט איז דינה׳לען קלאר געווארן, אז דער טאטע גנבה׳ט זיך ארויס פון געטא אין שטאט אריין כדי צו ברענגען עסן פאר דער גאנצער משפחה, וואס איז מיט זיי אין געטא פארשפארט געווארן און האט געוואונדערט זיך פארוואס די מאמע בעט זיך:

— גיי ניט מער... ס׳איז א סכנה... געפערלעך!

— וואס קען דען זיין געפערלעך? — האט דינה׳לע געטראכט: וואס קענען אים די דייטשן טאן? דער פאפא איז דאך ניט קיין ייד! ביז איינמאל איז דער טאטע מער ניט צוריקגעקומען. שפעט ביינאכט האט די מאמע זי געבעטן:

— גיי, דינה׳לע, שלאפן. דער פאפא איז מסתמא געבליבען ביי דער באבען, קען ניט אוועק פון איר...

דינה׳לע האט אבער ניט געקענט איינשלאפן. געהערט ווי די מאמע וויינט אריין אין קישן און פארשטאנען, אז מיטן פאפא איז עפעס שלעכטס געשען.

צומארגנס האבן די קינדער דערציילט:

די דייטשן האבן א סך יידן געכאפט ביי די דראטן... אלעמען געשאסן. דינה׳לע איז אבער געבליבן רואיק. ניט געקענט גלויבן, אז אויך איר טאטן האבן די דייטשן דערשאסן.

יעדעס מאל, ווען די מאמע האט זי געטרייסט, אז די באבע מוז נעבעך זיין זייער קראנק און מען טאר זי ניט לאזן אליין, האט דינה׳לע אראפגעלאזט די פארטרערטע אויגן און געשוויגן. זי ווייסט אז די באבע איז תמיד געווען א געזונטע, א פעסטע...

איצט, ליגנדיק אויפן זאמד, זעט זי פאר זיך דעם פאפא. האט אים מער ליב ווי אלע מאל. דערמאנט זיך, ווי ער האט זיך מיט איר געשפילט, ארומגעיאגט. אויף די הענט ארומגעטראגן ווי א פיצעלע, קליינינקע מיידעלע, כאטש זי איז שוין געווען א גרויסע...

— גוט וואס ער איז ניט קיין ייד! — טראכט א בארואיקטע דינה׳לע. די דייטשן וועלן אים ניט קענען מאכן קיין צרות! ניט אוועקפירן אין אזא מין לאגער און האלטן פארשפארט אין א באראק.

זי קוקט זיך צו פון דער ווייטנס צו די מענער פון דער צווייטער זייט דראטן און טראכט אין זיך:

— צי קאנען לאנג לעבן מענטשן מיט אזעלכע פנימער? הויט און ביינער!...

און דאך ציטערט איר הערצל פאר שרעק:

— צי איז טאקע דער פאפא ביי דער קראנקער באבען געבליבן? צי וואלט ער אלע איבערגעלאזט, אוועק פון שטוב און אפילו קיין בריוול ניט צוגעשיקט? אפשר האבן אויך אים די דייטשן דערשאסן מיט אלע צוזאמען יענע נאכט ביי די דראטן?... דערהרגעט?...

— ניין, ניין! צאפלט איר גופל. אפילו א רגע קען זי אזא מחשבה ניט פארנעמען. דער פאפא איז דאך ניט קיין ייד! ער לעבט, ער לעבט!



אין איינעם פון די רואיקע שטילע טעג, ווען אלע פרויען זיינען געלעגן אויף די שטרויזעק ווי שטום און געפרואווט איבערשלאפן די פוסטע צייט, זיינען פלוצלינג אין באראק ארייגעקומען עטלעכע נייע פרויען איינגעהילטע אין גרויע דעקעס. אויף זייער אנקומען האבן זיך אלע ווי פון חלום אויפגעוועקט און גענומען אויספרעגן:

— ווען זייט איר געקומען? פון וועלכער שטאט?

— מיר זיינען פון דער צווייטער זייט לאגער... האבן שוואך און דערשראקן געענטפערט די פרויען. פון אונדזער באראק זיינען אלע אוועק צו פעלד־ארבעט... מיט א טראנספארט... נאר מיר זיינען געבליבן...

זיי האבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד גליקלעכע וואס מען האט זיי אין די דייטשע דערפער ניט געשיקט, און אויפהער געדאנקט און געלויבט זיין ליבן נאמען, וואס דער גורל האט זיי געשוינט פון ערגסטן און זיי געלאזט ווייטער מנוחה׳דיק ליגן אויף דער ערד מיט אלע די, וואס טויגן ניט מער צו דער ארבעט...

די יינגסטע פון זיי האט זיך אוועקגעזעצט ביים פענצטער, די גרויע דעקע אונטערגעלייגט, טיף אין זיך געצויגן די לופט ווי א פיש ערשט פון וואסער ארויסגענומען און ס׳פעלט איר אטעם.

דינה׳לע האט זיך פון דער ווייטנס צוגעקוקט צו איר בלייכן דארן פּנימל און גרויסע, שווארצע אין פיבער צעברענטע אויגן. צוגעקוקט ווי זי נעמט ארויס פון ארבל א שטיק ברויט, באטראכט פון אלע זייטן און לייגט עס צוריק אריין.

פון ערשטן אנבליק האט זיך דינה׳לע דערפרייט מיט איר קומען. ניט דרייסט צוגעקומען צו איר, אוועקגעזעצט זיך דערנעבן און מיט איר זינגעוודי־קער שטים א פרעג געטאן:

— ווי הייסטו?

— רות. איז געפאלן שטיל אַן ענטפער.

— מיט וועמען ביסטו דא אהערגעקומען? וואו איז דיין משפחה? האט זי ווארעם הארציק אויסגעפרעגט.

רות האט געשוויגן, פארקוקט אין גרינעם וואלד.

מיט פארשנדיקע אויגן האט דינה׳לע זיך איינגעקוקט אין איר בלייך פּנימל און זארגעוודיק געפרעגט:

— אפשר ביסטו קראנק? און שטילער צוגעגעבן: — מיין מאמע קען דיר ברענגען א פּיל... שא...

רות האט געשוויגן.

דינה׳לעס הערצל האט זיך אויפגעמאכט ווי א קוואל; גענומען אויסדערציילן אלץ וועגן זיך, פון איר היים, דעם טאטן און דער גאנצער משפחה, ווי זי וואלט שוין גאר לאנג ניט גערעדט מיט א נאענטן, וואס פארשטייט זי און פילט דאס זעלבע. פון צייט צו צייט איבערגעריסן פרעגנדיק:

— און דו... וואס דערציילסטו גארניט, רות?

רות האט געשוויגן... זי האט פאר זיך געזען די קראנקע מאמע, מיט א גרויסן, שווערן רידל גראבן אויף א פעלד... דאס בלוט איז איר אפגעשוואומען פון האַרץ... זי ווייסט: דער טאטע איז אין איינעם פון די באראקן, אבער וואו? און די שוועסטער?... און דער ברודער?... אפשר זיינען זיי ערגעץ ווייט פארשיקט געווארן?... קען זי קיין ווארט ניט ארויסברענגען פון זיך. יעדעס ווארט איז א וויי.

פון איר ווינקל האט דינה׳לע צוגענומען איר האנטעך, די דעקע, די קאנסערוון פושקע און צוגעזעצט זיך נעבן רותן ביים פענצטער. אין אוונט האבן זיי ביידע צוזאמען געגעסן.

רות האט דאס קליינע פושקעלע מיט מארמעלאד אוועקגערוקט, ניט געוואלט אפילו א לעק נעמען פון יענעמס; געגעסן דינע, קליינע שטיקלעך ברויט; א חלק באהאלטן אויף מארגן.

האט דינה׳לע פון איר ברויט געשניטן, געשמירט מיטן בלעכענעם לעפל די זיסע פלוימען מארמעלאד פאר רותן און געמונטערט זי פון איר פארטראכקייט:

— עס... עס... טרינק די קאווע, ס׳איז גענוג, קענסט נאך אויף שפעטער לאזן.

ביינאכט ווען ביידע זיינען צוזאמען געלעגן איינגעהילט אין די טאפלטע דעקן, האט דינה׳לע בעטנדיק געשעפטשעט:

— רות׳עלע... ווילסטו זיין מיין שוועסטער?...

רות האט שווייגנדיק צוגעשאקלט מיטן קאפ.



פון סאמע פרימארגן איז איבער די יידישע באראקן אדורך א ציטער. סולא, די געהילף פון דער שטוב־עלטסטער, איז אריין גלייך נאכן קאווע טרינקען און געהייסן גוט אויסלופטערן דעם באראק; אויפמאכן ברייט די פענצטער. די עלטערע פרויען האט זי געגעבן איר אפגעראטעוועטן ליפן־שטיפט און געעצה׳ט:

— גיט א ביסעלע פארב אויף די באקן, אויפן פנים... נאר א ביסעלע...

האבן אלע גלייך פארשטאנען, אז מסתמא קומען די דייטשן; עפעס וועט געשען... זייט א וואך האבן זיך פארשפרייט קלאנגען, אז די געזונטע פרויען וועלן אפגעקליבן ווערן צו א קארטאפל־קאמאנדא. די „קאפאס" האבן פאר די שטובן־עלטסטע דערציילט:

— אין די דייטשע דערפער גייט עס גוט די „יודען". די פויערים גיבן אלע פרויען פון טראנספארט ריינע ארבעט־קליידער, טאפלטע זופן, און ברויט — איבערגענוג!

אלע אבער ווייסן, אז אין די דערפער איז א גהינום. פון צייט צו צייט קומען צוריק די קראנקע און דערציילן:

— מען ארבעט פון פרימארגן ביז פינצטערער נאכט; מען שלאפט אויף די פעלדער; ווער ס׳האט געהאט אביסל מזל צו ארבעטן ביי קרויט און מערן, האט געגעסן גרינס צו דער זעט; די אבער, וואס האבן געארבעט ביי קארטאפל, האבן גענומען עסן רויע קארטאפל און זיינען געשוואלן געווארן; וואסער־זופ גיט מען נאר אין די דערפער; אלע פאלן דארט ווי די פליגן! די פויערים שיקן צוריק די קראנקע אוןווארטן אויף נייע טראנספארטן פון געזונטע...

די פרויען אבער האבן ניט געוואלט גלויבן, אז מען גרייט א טראנספארט אין די דערפער. סולא דערציילט דאך יעדן טאג:

— אט.. אט.. ענדיקט זיך די מלחמה.. ביי נאכט לייענט זי א צייטונג... זי ווייסט...

איז עס געווען ווי א דונער פון הימל, ווען די לאגער־עלטסטע, שורא, איז אריין מיט א געשריי:

— אפעל! אפעל!

די פרויען, וואס זיינען נאר וואס געקומען פון פרימארגן אפעל, קוים א זופ געטאן די הייסע קאווע, האבן ניט קיין כוח ווידער זיך אויסשטעלן צו א נייעם „אפעל״; זיי ווילן ערגעצוואו אנטרינען, קיינער זאל זיי ניט דערזען, ניט געפינען.

— ראוס, ראוס! שרייען אלע שטובן־עלטסטע, פייפן ביז צום פארטויבן און ווארפן ארויס די דערשראקענע פרויען אויפן פעלד.

האלטן זיך פעסט ביי די הענט מאמעס מיט טעכטער, שוועסטער מיט שוועסטער, קרובים, באקאנטע און שטעטישע: טויט, אדער לעבן, — נאר צוזאמען;

פאלט צו דינה׳לע צו איר מאמען אן אטעם און שעפטשעט אריין אין איר אויער:

— מאמעלע, זאל רות׳עלע אריין מיט מיר אין דער ברויט־קאמער, מירן זיך באהאלטן צוזאמען... מאכט זיך סולא ניט הערן און שרייט מיט אלע שטובן־עלטסטע:

— צונויפפלייגן די שטרויזעק! גיכער ארויס! ארויס! זי גיט א כאפ די צעטומלטע רות און נעמט שרייען:

— וואס שטייסטו ווי א גולם! שנעלער לייג צוזאמען די שטרויזעק! אנו, ריר זיך!

זיינען אלע פרויען ארויס אויפן פעלד פאר די באראקן און רות איז א דערשראקענע בליים בארג שטרויזעק געבליבן.

— אריין... גיך אריין אין שטרוי! טיף, טיף אונטן! — צישעט סולא די ווערטער צווישן די ציין און אירע ליפן באוועגן זיך ניט, ווי די ווערטער וואלטן ניט פון איר געקומען; און שוין איז זי אויפן פעלד צווישן דער צונויפגע־קנוילטער מאסע פון טויזנטער פרויען.

פאקט זיך רות אריין צווישן די שטרויזעק און ציט זיך אויס גלייך ווי א ווירע. צאפלט איר הארץ: א פינצטערקייט ארום... אין באראק איז שטיל... און אויך פון פעלד טראגט זיך א טויטן־שטילקייט...

— צי איז אדורך א שעה צי א רגע? אפשר זיינען אלע אפגעפירט געווארן, אוועק אין טראנספארט? און אפשר איז מיט אלע אוועק אויך דינה׳לעס מאמע? אימה׳דיקע מחשבות שלאגן זיך אין איר מוח און דאס הערצל קלאפט שטארק, וואס אמאל שטארקער, באלד וועט עס פלאצן, ניט אויסהאלטן מער.

פלוצים דערהערט זי א קלינגענדיקע שטימעלע:

— רות... רות׳עלע, צי ארויס דעם קאפ... קענסט אטעמען פריי, ער איז נאך ווייט... האב קיין מורא... האב קיין מורא...

ציט רות ארויס איר קאפ פון שטרויזאק, קוקט זיך ארום א דערשטוינטע, זעט פאר זיך דינה׳לען א רואיקע, א באהערשטע און וויל ניט גלויבן אירע אייגענע אויגן, זי וויל שרייען: פארשווינד! אנטלויף! איר שטים איז אבער א דערשטיקטע, ווי אפגעשטארבן...

און שוין איז דינה׳לע ניטא. צוריק אנטלאפן א באַרוועסע — שטיל, שטיל, אין איר באהעלטעניש — קיינער זאל אירע טריט ניט דערהערן.

רות אטעמט פעסט, וויל אין זיך ארייננעמען א סך, א סך לופט אויס־צוהאלטן די געדיכטע שטיקעניש, וואס טראגט זיך פון די שמוציקע, אלטע שטרויזעק. איר קאפ פאלט אבער שווער אנידער, זי קען ניט אויסהאלטן דעם עפּוש, גובר זיין די שוואכקייט.

— רות... רות׳קעלע! באהאלט זיך... ער קומט שוין... ער גייט! שרייט אין איר ווידער אריין דינה׳לעס קול.

ווייסט שוין ניט רות, צי איז דאס א חלום צי אַן אמת. ווי א דערשראקן חיה׳לע אין שעה פון א סכנה רוקט זי זיך אריין אין שטרויזאק, נארעט זיך איין טיף, טיף. אין איר מוח קלאפן טריט, טריט, טריט. פעסטע, געזונטע, באשטיוולטע — דאס איז ער, דער „אבער־שארפירער״! ער גייט מיט זיין רעוואלווער אין האנט... ער וועט מיך געפינען! שיסן... — ציטערט זי מיט דער גאנצער נשמה, וואס וויל לעבן. זי אטעמט שווער, דאס געהער איז אנגעשפיצט, אנגעשטרענגט.

צי איז שוין, פארביי א טאג, צי א יאר? זי ווייסט שוין גארניט וואס אזוינס איז צייט. טאג, אדער נאכט. א פינצטערניש, אַן אין־סופיקע פארטויבט זי און נעמט אפ די חושים. נאר איין מחשבה, ניכטער און קלאר, פייניקט זי ביז ווייטיק:

אפשר זיינען אלע אוועק מיטן טראנספארט... אויך סולא?

מיט אמאל נעמט זיך וואקלען דער בארג שטרויזעק... ס׳ווערט איר וואס אמאל לייכטער, גרינגער. רות מאכט אויף די פארחלשטע אויגן, קוקט, פארשטייט ניט וואס דא קומט פאר, — דינה׳לע לאכט גאר אויף א קול:

— צעלייג די שטרויזעק... גיך.... אלע קומען שוין צוריק! ס׳איז נאכן „אפעל״. אט גייט סולא, מיין מאמעלע!

גלייך האט רות דערהערט א טופעריי פון קלומפערס, א לויפעניש, א גערודער. הונדערטער פרויען האבן זיך געלאזט לויפן צוריק אין די באראקן.

אין שטוב זיינען נאר א טייל פרויען צוריקגעקומען, צעלייגט זיך אויף די שטרויזעק און גענומען רעדן, שרייען, ארויסווארפן אין צעמישטע, אפגעהאקטע ווערטער די שרעק פון „אפעל״. מעסטן מיט די בליקן די ווינקלען פון באראק, זוכן ווער ס׳איז אוועק, און ווער ס׳איז אויף זיין ארט צוריקגעקומען.

דינה׳לע און רות זיינען שוויגעוודיקע געזעסןביים פענצטער. איינע אין דער צווייטער איינגעקוקט, און זייערע אויגן האבן געשטראלט מיט ליבע און גליק.

# דאס ליד פון גאנצן ברויט

איך זיץ ביים גאנצן ברויט,
נעבן בלאנקט די שארף פון מעסער,
ארום לויערט שרעק און טויט —
און איך קאן מיין ברויט נישט עסן...

איך זע מיין ווייטע היים
אונטער בערג און שטעט,
מיין מאמעס ליכטיק פנים —
אין די שווערסטע טעג.

דאס לעצטע ברויט מיין מאמע
אויף קליינע שטיקלעך טיילט...
און רעדט: קינדערלעך, צוזאמען
איז הונגער אויך א פרייד!

דעמאלט האב איך געטרוימט...
אין הארץ געגליט נאָר איין געבעט:
אמאל פון א גאנצן ברויט
טיילן אלעמען צו דער זעט!

ווי א קארטן־הויז
צעפאלן איז מיין היים.
געבליבן בין איך בלויז
ביים גאנצן ברויט אליין!

פון מיינע שוועסטער, ברידער
קיין צייכן נישט געבליבן,
ווי א חלום אלץ צערונען,
אלץ פארלוירן, פארטריבן!

**רבקה קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק**

**נישטא פאר וועמען טיילן**
**דאס פרישע, ברוינע ברויט,**
**נישטא פאר וועמען ווייגען**
**אויף צארטער, ווארעמער שויס.**

זיץ איך ביים גאנצן ברויט
נעבן בלאנקט די שארף פון מעסער,
ארום לויערט שרעק און טויט —
און איך קאן מיין ברויט נישט עסן...

שטוטהאָף 1944

# אינהאלט:

## דערשינען אין פארלאג „חיפה"

## ביי דעם יידישן שרייבער — פאראיין אין חיפה

| | | |
|---|---|---|
| אלמאנאך „חיפה" נומער 1 | — | **רעד. מ. קראשניץ און ד. ראַדין** |
| מרדכי קראשניץ | — | **אייגנס** |
| רבקה קוויאטקובסקי־פנחסיק | — | **בידיים נאמנות (העברעאיש)** |
| דוד ראַדין | — | **דער שמעטערלינג** |
| מרדכי קראַשניץ | — | **נאטור און מענטש** |
| אלמאנאך „חיפה" נומער 2—3 | — | **רעד. מ. קראַשניץ און ד. ראַדין** |
| רבקה קוויאטקאווסקי־פנחסיק | — | **אין זיכערע הענט** |

## דערשיינט בקרוב:

| | | |
|---|---|---|
| נחמן מייזיל | — | **ד"ר חיים זשיטלאָווסקי** |